# Shabes Noch'n Kugl

By

**MORRIS KLEIN**



*Doctors bid us laugh! . . .*
*Laughter is healthful*
SHOLEM ALEICHEM



Baltimore, Md., 1947

# שבת נאָכ'ן קוגל

## פריילעכע מינוטן

פון

## מאָריס קליין



מאָטאָ: —

צו וואָס זיך ווינצלען אַז
דאָס לעבען איז אַ וויץ...



באַלטימאָר, מד., 1947

# אינהאַלט

## רומענישע מעשהלעך

## קורצע מעשהלעך



## לידער



## געקליבענע וויצן און אַנעקדאָטן

# פאָרוואָרט

פאַרוואָס עפּעס „שבת נאָכן קוגל״ ?... באַזונדערס פּאַסנד איז אין דעם טאָג צו זיין אין אַ גוטער שטימונג, צו זיין פריילעך. שבת פילט זיך אַ ייד, ווי אַ מלך. די בעסטע צייט צו לייענען אַ גוטן וויץ, אַנעקדאָט אָדער אַ פריילעך מעשהלע. דערפאַר איז מיר געקומען אויפן געדאַנק אַרויסגעבן אין בוך־פאָרם אייניקע פון מיינע פריילעכע דערציילונגען.

איך בין זיכער, עס וועט יעדן איינעם פאַרשאַפן מינוטן פון פריילעכקייט און פאַרגעניגן.

היינטיקע צייטן, ווען יעדער לעבט אין איילעניש און אַנשטרענגונג, ווילן לאַנגע געשיכטעס ווערן לאַנגווייליק. דערפאַר האַלט איך, אַז מיינע קורצע אַנעקדאָטן „שבת נאָכן קוגל״ וועלן זיין אַנגענעם און אַרויסברענגען מאָמענטן פון געלעכטער פונקט דאַן, ווען דער געמיט איז אַנגעשטרענגט.

דאָס וועט ווירקן ווי אַ באַלזאַם.

זאָל אָבער דער לייענער ניט דענקען, אַז איך מיין, חלילה, אָפּלאַכן אָדער אָפּשפּעטן פון די טיפן, וואָס לויפן דורך אין מיינע מעשהלעך. דאָס זיינען בלויז אויסגעטראַכטע געשעענישן פון אַ פאַנטאַזיע, וועלכע איך האָב פאַרשריבן אויף רייזעס, אויף אַ באַן, אויף אַ שיף, אָדער האָטעל, וואו ערגעץ איך האָב זיך געפונען.

אום צו דערקוויקן די זעלע, דאַרף יעדער מענטש געדענקען, אַז נאָר מיט אַ פריילעכן אַנעקדאָט אָדער וויץ קען מען לייכט פאַרטרייבן פון זיך זאָרג און אַנשטרענגונג! — און וועלכעס פאָלק קען בעסער אָפּשאַצן אַ פריילעכן אַנעקדאָט אָדער וויץ ווי דער ייד?...

דאָס דאָזיגע פריילעכע ביכל האָב איך אַרויסגעגעבן ווייל איך בין איבערצייגט, ס'איז פאַראַן אַ פּלאַץ פאַר דעם אין דער אידישער ליטעראַטור און פאַר די יעניגע וואָס האָבן ליב און זיינען זשעדנע דאָס אידישע וואָרט! — היטלער דער מאָדערנער המן האָט פאַרניכטעט

מיליאָנען אידישע ביכער פונקט ווי ער האָט פאַרניכטעט מיליאָנען אידישע נפשות. —

פיעלע פון מיינע פריינד און בעקאַנטע האָבן זיך געוואונדערט און געפרעגט: —

וואָרום איך גיב גראד אַרויס אַ בוך אין אידיש און ניט אין ענגליש? דער ענטפער צו דעם איז ווי אויבן שוין דערמאָנט.

צום שלוס וויל איך באַמערקן דאָס אַ אידישער וויץ אָדער אַנעקדאָט קלינגט גוט און אָריגינעל טאַקע נור אין דער אידישער שפּראַך!

אַנו פּרובירט זאָגן „גוט שבת" אויף גויאיש, האָט עס אַ טעם? . . .

מאָרים קליין.

# סודות פון אַ טענעמענט הויז

איך זיץ מיר אַזוי רואיק אויף אַ וויגשטול נעבן פענצטער און הער אַ געשפּרעך צווישן צוויי ווייבער, וואָס איינע וואוינט „קראָס די וועי“, און די אַנדערע אויפן דריטן פלאָר אין דעם זעלבן הויז וואו איך וואוין.

רופט זיך אָן מיסעס צינגל צו דער מיסעס, וואָס וואוינט „קראָס די וועי“: — איר הערט, ס'איז דאָך אַ שאַנדע, אַ העזה פון אַ כלב־ניצע, אַ יונג ווייבל, ניט קיין קינדער, ניט קיין רינדער, האָט אַזאַ פיינעם מאַן, וואָס אַרבעט „סטעדי“, שפּילט ניט אין קאָרטן, טרינקט ניט און — זי! ניט פּאַר קיין ידיש קינד געזאָגט געוואָרן, שלעפּט זיך אַרום מיט אַ ליידאַק, אַזאַ לאָפּאַצאַן, ער איז דאָך אַ שלעפּער, אַ בראָך צו איר! אַ ווייטאָג אין איר!...

— און איר מאַן — ענטפערט מיסעס גלעקל פון „קראָס די סטריט“ — איר מאַן מוז מסתמא זיין אַ גרויסער לעקיש, אַ נאַר, אַ יאָלד, אַ לעמעשקע, אַ קאַלטע מאַמעליגע, וואָס ווייסט גאָר ניט פון זיין ווייבס ליבקע ליבעס!

— הם ווען איך זאָל זיין אַ מאַן, — זאָגט מיסעס צינגל פון דעם דריטן פלאָר, — וואָלט איך אָנגענומען אַזאַ ווייבל ביי די צעפּ און געשלאָגן מיט איר כפּרות...

איך זאָג אייך, ליבע לעזער, אויב ס'איז אייך באַשערט, אַז אייערע נערוון זאָלן פּלאַצן פאַר פּאַרדרוס, זאָלט איר וואוינען אין נאָכבאַר־שאַפט פון אַזעלכע „ווייבלעך“, וואָס שטעלן זיך אייך אַוועק נעבן פענצטער און פלוידערן, און טראָגן סודות, און באַריידן, און איר, ווי אַ פּאַפּוגיי, מוזט אָט די אַלע פּלאָטקעס אויסהערן וואָס זיי דערציילן. גראָד דער צופאַל איז געווען, וואָס זיי האָבן ניט געוואוסט דאָס איך וועל זיך איינהערן. וואָלטן זיי אפשר יאָ געוואוסט, קען זיך מאַכן דאָס זיי וואָלטן זיך געווען אָפּגעשטעלט נעבן אַן אַנדער הויז פּלוי־דערן. און אין אמתן האָט באַלד אַ זאָג געטאָן מיסעס צינגל צו דער

אַנדערער ווייבל: — „אַלבעטשע" דער „שרייבער", אַ וויטאָג אין אים, איז אין דער היים...

— וואָס זשע אַרט עס אייך? — רופט זיך אָן דאָס ווייבל פון „קראָס די סטריט".

— וואָס הייסט, וואָס אַרט מיך? ער קען דאָך אונדז באַשרייבן אין די פּייפּערס. איין מאָל האָט ער דאָס געטאָן!...

איך האָב פּאַמעלעך געעפנט דאָס פענצטער און זיך צו מיסעס ציגל געווענדט: — פּליז, הערט אויף ריידן! איר שטערט מיר אין מיין אַרבעט! . . .

— אין אייער „אַרבעט"? — האָט זיך מיסעס ציגל אויף מיר געבייזערט. — איך ווייס שוין וואָס אייער אַרבעט איז: צו באַשרייבן מענטשן און אויף זייער חשבון זיך וויצלען אין די צייטונגען. וואַרט נאָר אַ ווײַלינקע, זאָל מיין מאַן נאָר קומען אַהיים, ער וועט אייך ברעכן די ביינער!!! (איר מאַן איז אַן עקספּרעסמאַן!!!) — איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז איך האָב געמאַכט אַ פעלער דאָ, וואָס איך האָב זיך אין גאַנצן אַריינגעמישט, און זיך געטראַכט: געוואַלד, ווי אַנטלויפט מען פון דאַנען?

איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן. מיר איז געוואָרן זויער אויפן האַרצן, עפּעס ווי איך וואָלט אויסגעטרונקען אַ פלעשל זויער מילך...

איך האָב תיכף פאַרמאַכט דאָס פענצטער און אַרונטערגעצויגן דעם „ווינדאָו שייד" און ווייטער גענומען לייענען מיין בוך. באַלד איז מיר געקומען אויפן געדאַנקען, — אַז די היינטיקע פּאַסירונג וואָלט געדינט גוט פאַר אַ פּראַקטפולער טעמע אָנצושרייבן אַ הומאָרעסקע.

## פאַרטייטשטע ווערטער:

„טענעמענט" — אַ גרויסע געביידע, וואו עס וואוינען פיל פאַמיליעס.
„קראָס די וועי" — קעגנאיבער גאַס.
„סטעדי" — שטענדיק.
„קראָס די סטריט" — אַנטקעגן דער גאַס.
„פּייפּערס" — צייטונגען.
„עקספּרעסמאַן" — בעל־עגלה, טרייבער.
„ווינדאָו שייד" — פאָרהאַנג.

# אַ שרעקלעכע פּאַסירונג

נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעגעסן סאַפּער, האָב איך זיך גע־מיטלעך אויסגעשטרעקט אויף דער פּלאַש־קאַנאַפּע אין באַן און גע־נומען לעזן אַ ראָמאַן.

איך בין געפאָרן אויף מיין „וואַקיישאַן" ערגעץ ווייט אין די „בערג", דאָרט וואו די לופט איז זייער פריש אַ מחיה, דאָרט וואו די שפּיצן פון די בערג שמייכלען אַרויף צום הימל און וואו די פייגעלעך זינגען פאַרכשופטע מעלאָדיעס און פלאַנצן איין אין דער מענטשלעכער נשמה אַ רייץ צום לעבן...

מיד בין איך געווען פון אַרויפקלעטערן די הויכע בערג, פון אַ גאַנצן טאָג וואַנדערן אין דעם טיפן גרינעם גראָז. עס איז לאַנג־זאַם געוואָרן פינצטער, איך האָב פאַרלאָרן דעם וועג, וואָס פירט צו מיין לאָזשי. איך בין געוואָרן פאַרצווייפלט; האָב אָנגעפאַנגען גיין ערגעץ ווייט, ביז איך האָב דערזען אַ שטיבעלע, האָב איך אָנגעקלאַפּט אין טיר און אַ דיקער מאַן מיט אַ לאַמטערנע אין האַנט האָט מיר געעפנט. ווען איך האָב באַטראַכט זיין פּנים, וואָס איז געווען רויט ווי אַ פייער, האָב איך זיך געטראַכט, אַז איך בין ניט אַנדערש אַריינ־געפאַלן אין די הענט פון אַ „פּיראַט" און מיין לעבן האָט שוין ניט געהאַט קיין ווערט וויפיל 2 באַנאַנעס! ער וועט שוין פון מיר מאַכן „קאַרנאַצלעך". דער „דיקער" מאַן האָט מיך מיט שאַרפע בליקן געפרעגט, למאַי איך שטער אים אַזוי שפּעט אין אָוונט. האָב איך אים געבעטן, ער זאָל מיר לאָזן ביי אים איבערנעכטיקן, ווייל איך בין פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן און האָב אים צוגעזאָגט אַ גרויסע סומע געלט...

דער „פּיראַט" האָט מיר אָנגעצייגט אַ צימער איבערן סטייבל און איך בין געווען צופרידן מיט דעם! אַ ברירה האָב איך געהאַט? איך האָב פון גרויס שרעק ניט געקענט אַן אויג צומאַכן און מיט

אומגעדולד געוואַרט אויף דעם מאָרגן. מיט אַמאָל באַמערק איך ווי די טיר עפנט זיך און דער „פּיראַט" האַלט צווישן די ציינער אַ שאַרף מעסער און אין דער האַנט טראָגט ער אַ לאַמטערנע: ער איז צו צו מיין בעט און מיר דעם מעסער אין האַרצן אַריינגעשטאָכן און ביי מיר דאָס זייגערל מיט דעם געלט אַוועקגערויבט!... נאָך דעם האָט ער מיך אין אַ ליילעך איינגעוויקלט און אין אַ ברונעם אַריינגעוואָרפן.

וואָס ווייטער איז געשען, געדענק איך ניט, ווייל דער „אַלאַרם קלאָק" האָט אָנגעפאַנגען קלינגען און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און בין געווען צופרידן, וואָס איך בין אין באַלטימאָר און עס איז בלויז געווען אַ בייזער חלום!...

# אַמעריקאַנער שידוכים

(קאָמעדיע אין איין אַקט)

**פּערזאָנען:**

אייב קאַפּלאַן, אַן אַגענט,

ביטריס, אַ ביכהאַלטערין,

ענדריוס, אַ דזשעניטאָר,

סעם ציפּקיס, אַ דיכטער,

מיסעס סילווערשטיין, אַן אַלמנה.

די סצענע שטעלט פאָר אַן אָפיס, פאַרשיידענע אַנאָנסן אויף די ווענט, אַ וואַנטזייגער. ביטריס ביי איר פענצטערל איז פאַרנומען מיט בוכהאַל־טעריי. — ענדריוס דער דזשעניטאָר, ווישט דעם שטויב. — ס'איז 9 אַזייגער אין דער פרי. אייב קאַפּלאַן דערשיינט. ער איז זייער פאַרנומען.

אייב קאַפּלאַן: גוט מאָרנינג, מיס ביטריס! גוט מאָרנינג, מר. ענדריוס! ... (ער גייט צו זיין דעסק און מישט בלעטלעך) ...

ענדריוס: אונדזער באָס שיינט היינט אויך צו זיין זייער „ביזי“, אַז איך קען גאָרניט געפינען די פּאַסיקע צייט אים צו פרעגן פאַר אַ רייז! ... 12 יאָר זייט איך אַרבעט דאָ אין דעם אָפיס, שוין צייט אַ רייז צו פאַרלאַנגען! ...

אייב קאַפּלאַן: וואָס וואַרטשעסטו דאָרט אַזוי אונטער דער נאָז?

ענדריוס: יו נאָו מר. באָס. איך האָב אייך געוואָלט פרעגן...

אייב קאַפּלאַן: ניט היינט, פּליעז! היינט בין איך זייער ביזי! יו נאָו! ... האָב וויכטיקערע ביזנעס צו אַטענדן! (מישט בלעטלעך).

ענדריוס (שטרענג): נו און אַ רייז פאַרלאַנגען איז ניט אַ וויכ־טיקע ביזנעס? ... (צו זיך) איך וועל מוזן אויף דער עלטער זיך זוכן אַן אַנדערע שטעלע!

אייב קאַפּלאַן: מיס ביטריס, וואָס הערט זיך נייעס? האָט זיך שוין אָפּגערופן אַ חתן פֿאַר מיסעס סילווערשטיין?

ביטרים: דערווייל נאָך ניט! נאָך דאָ צייט צו האָפן, מען דאַרף נאָך אַדווערטאַיזן אין אַנדערע צייטונגען, אפשר וועט זיך אָפּרופן עפּעס אַ קאַנדידאַט, ווער ווייסט!...

אייב קאַפּלאַן: אַ מערקווירדיקע זאַך כ'לעבן! אַזאַ פֿיינער שידוך, אַן אַלמנה מיט 10 טויזנט דאָלאַר און דאָך איז שווער אויסצו־געפֿינען אַ חתן לויט ווי זי פֿאַרלאַנגט!... וואָס זשע חתנים זיינען היינט אַ זעלטנהייט?... דאַכט זיך אַז 10 טויזנט דאָלאַר איז עפּעס אַ גרויסע סומע געלט! אַן אוצר!...

ביטרים: איך וואָלט אייך געראָטן, מר. קאַפּלאַן, איר זאָלט נאָך מאַכן עטלעכע „עקספּענסעס"!

קאַפּלאַן: וואָס הייסט מאַכן נאָך עקספּענסעס? ווייניק קאָסט מיך שוין אָפּ אַדווערטאַיזמענטס אין די פּייפּערס?...

ביטרים: ניט יעדער איינער האָט צייט צו לייענען אַדווער־טאַיזמענטס. די בעסטע זאַך וואָלט געווען איר זאָלט לאָזן קלעפּן גרויסע פּויסטערס און זיי אויסהענגען אין אַלע ווינקעלעך פֿון דער שטאָט און איך בין זיכער אַז אַ חתן, אַ דיכטער וועט זיך זאָפאָרט אָפּרופן... וואָס? ווייניק דיכטער גייען אַרום ליידיק פּוסט און פּאַס אָן אַ באַשעפֿטיקונג?

קאַפּלאַן: כאַ־כאַ־כאַ! הייסט עס, מיס ביטרים, אַז חתונה האָבן הייסט אַ באַשעפֿטיקונג? כאַ־כאַ־כאַ!... וועל! איך מוז אַוועק־גיין זען מען זאָל קלעפּן „פּאָוסטערס" אין די גאַסן!... און אַז דער חתן וועט זיך ענדלעך אָפּזוכן, קומט מיר הייסט עס 10 פּראָצענט פֿון דעם באַשטימטן נדן! נאָר גאָר ניט... ביזנעס זיינען איצט ניט אַמ־בעסטן; אַ פּאָר דאָלאַר אַ פֿאַרדינסטל קומט זייער צונוץ!... (ראַ־שענד אָפּ). גוד ביי!...

ביטרים: (באַמערקט ווי אַ יונגערמאַן מיט לאַנגע האָר לאָזט זיך אַריינקומען). אַהאַ! דאָס מענטשל ציינט אויס צו זיין אַ דיכטער! איך קען זיך וועטן, ער האָט געלעזן דעם אדווערטאַיזמענט!...

סעם ציפּקים: גוט מאָרנינג, פריילין! איז דאָ אייב קאָפּלאַנס שדכן אָפּיס?

ביטרים: יעס סער! איר האָט גוט געטראָפן. (אָן דער זייט) ניט קיין מיאוסער יונגערמאַן! (צום דיכטער) וואָס פאַרלאַנגט איר? וואָס קאָנען מיר טאָן פאַר אייך?...

סעם ציפּקים: איך האָב באַמערקט אַן אַדוועדטאַיזמענט אין אַ צייטונג דאָס מען זוכט אַ חתן, אַ יונגערמאַן אַ דיכטער!

ביטרים: וואָס זאָל גליקלעך מאַכן אַ רייכע אַלמנה וואָס פאַר־מאָגט 10 טויזנט דאָלאַר!

סעם: יעס! האָב געלייענט דעם אַנאָנס און איך וואָלט זייער געוואָלט חתונה האָבן...

ביטרים (אָן דער זייט): מיט די 10 טויזנט דאָלאַר! (צו סעמען) איך דענק איר וועט קיין חרטה ניט האָבן... איר מעגט שוין זען. מיסטער, אַ ווייבל; שיין ווי די וועלט; קלוג ווי דער טאָג; און נאָך אַ מעלה האָט זי וואָס זי פאַרמאָגט 10 טויזנט דאָלאַר...

סעם: מוז זי טאַקע אוודאי זיין שיין!.. אַי וואָלט איך איר וועלן זען... אַך ווי מיין האַרץ ברענט נאָך ליבע! פאַר איר וואָלט איך אין פייער און אין וואַסער געלאָפן!... איך וואָלט געוואָרן איר שקלאַף, איר כפרה, מיין גאַנצע פּאָעזיע, וואָס איך באַזיץ דאָ ביי מיר, וועל איך פאַר איר ווידמענען! יעס, יעס! זי וועט זיין מיין מוזע! זי וועט זיין די קרוין פון מיין לעבן, מיין חלום! מיין אידעאַל, מיין נחת, מיין... מיין...

ביטרים: (שרייט אַריין אין אַנדערן צימער) מר. ענדריוס, מר. ענדריוס! קומט שנעל, איר וועט עפּעס זען!

ענדריום: „וואַצימעטער"? וואָס שרייט איר אַזוי, מיס ביט־ריס! וואָס איז דאָ געשען?

ביטרים: (קען ניט כאַפּן דעם אָטעם). גיט אַ קוק! זעט! ער איז דאָ... ער האָט זיך אָפּגערופן!...

ענדריום: ווער? וואָס? ווען?

ביטרים: דער חתן! דער דיכטער! איר מעגט אים הערן

ריידן! אַך רעדט ער! האָב שיר נישט געחלשט!...

(זי נעמט טעלעפאָנירן): העלאָו! העלאָו! מרס. סילווער־שטיין? יעס? קומט שנעל אין אָפיס, ער האָט זיך אָפּגערופן, אייער באַשערטער! אייער אידעאַל! (פאַרמאַכט דעם טעלעפאָן).

סעם: וואָס האָט זי געזאָגט? זי וועט באַלד קומען? אַך, ווי מיין האַרץ קלאַפּט! (האַלט זיך ביי דער רעכטער זייט).

ענדריוס: (דריקט סעמס האַנט) מזל טוב אייך! מזל טוב!

סעם: (באַגייסטערט) איך דאַנקע! איך דאַנקע!

(מען הערט קלאַפּן).

ביטרים און ענדריוס: אַהאַ, זי איז שוין געקומען! קאַם אין!...

מיסעס סילווערשטיין: וועל! הייסט עס אַז ענדליך האָט מען זיך אויף דעם אַנאָנס דאָך אָפּגערופן!

ביטרים: (פאַרשטעלנדיק) דאָס איז ער, מיסטער...

סעם: מיין נאָמען איז ציפּקיס! סעם ציפּקיס, אַ דיכטער, וואָס בענקט נאָך ליבע! פון דעם ערשטן מאָמענט אָן וואָס איך האָב אייך דערבליקט, האָב איך זיך אין אייך שטערבלעך פאַרליבט!... (קניט פאַר איר). איך ליב אייך! איר זייט מיין אידעאַל, מיין מוזע!

מיסעס סילווערשטיין: (פאַלט אין חלשות) אַך, אַך, עס שטיקט מיך! וואַסער! וואַסער!...

אייב קאַפּלאַן: (לויפט אַריין) וואָס איז געשען?

אַלע: וואָס איז דער מער?...

מיסעס סילווערשטיין: דאָס איז ער, מיין געוועזענער באָר־דער; ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן... נאָכדעם וואָס ער איז מיר געבליבן שולדיק פאַר דריי מאָנאַטן רענט!...

סעם: איך וועל זיך בעסער וואָס שנעלער אָפּטראָגן פון דאַנען!... אַ וויטיק איז מיר! צען טויזנט דאָלאַר פאַרלוירן!... ערשט געוועזן אַזוי רייך און איצט בלייב איך ווידער אַ גרויסער קבצן. (אָפּ ראַשענד).

אַלע: כאַפּט אים! כאַפּט אים!

(פאַרהאַנג פאַלט)

# אַ ווייבערשער בחור

געקענט האָב איך אַ „צינגלמאַן", אַ בחור, הייסט עס, און זיין נאָמען איז ניט געווען ניט משה, ניט בערל, ניט חיים, און אפילו ניט ברוך, נאָר ער האָט געהייסן „דזשאָו" און דאַצאָל! . . .

דזשאָו איז געווען אַ לעבעיונג און האָט איינס־און־צוויי נושא חן געווען ביי אַלע מיידלעך.

דזשאָו האָט געהאַט אַזאַ שוואַכקייט, אַז האָט ער נאָר איין קוק געטאָן אויף אַ מיידל, האָט ער זי „געוועמפּט" און איר ליבע און צוטרוי געוואונען — מיט איין וואָרט, דזשאָו איז געווען אַ צוי־בערער, אַ כשופניק! און אַז דזשאָו האָט געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט אַ מיידל, האָט שוין דאָס מיידל זיך געוואונטשן די כפרה ווערן פאַר אים, פאַר זיין מינדסטן נאָגל! . . .

עס וואָלט מיר גענומען אַ גאַנצן טאָג, איך זאָל אייך אויסרע־כענען די צאָל מיידלעך, וואָס דזשאָו „דער ווייבערשער בחור" האָט באַזעסן, נאָר איך וועל זיך אָנשטרענגען און, לויט מיין זכרון וועט מיר דינען, געדענק איך, אַז אייניקע האָבן געהייסן — דזשעני, פּעני, דינה, מינאַ, סעראַ, סוזי, קלעאָ, דאָראַ, רוטי, טוצי און לעאָנאָראַ.

מיט די אַלע אויסגערעכנטע מיידלעך האָט זיך דזשאָו באַ־קאַנט אין „שמעלץ טאָפּ", אין ניו יאָרק, און מיט אַלע געשפּילט ליבעס, און צו יעדער איינער פאַרשפּראָכן צו הייראַטן. — ליבן און צוזאָגן קאָסט דאָך ניט קיין געלט! —

איר ווייסט דאָך שוין, אַז דאָס טעפּל גייט ניט אַלע מאָל אַליין צום ברונעם. האָט זיך געמאַכט, דאָס דזשאָו איז אָנגעקלאָגט גע־וואָרן אויף „בריטש אָוו פּראָמיס" און „פּיניטאָ לאַ קאָמעדיאַ!"

דזשאָו איז געשטאַנען אויפן „וויטנעס סטענד" און דער ריכטער האָט אים געפּסקנט צו גיין אין „דזשייל", אָדער צו הייראַטן מיט איינע פון די קלעגערינס און טאַקע מיט סוזין.

אין געריכט־זאָל זיינען אַלע זיינע כלות געווען אַגוועזנד און אַלע האָבן זיי געזוכט נקמה אָן אים. און אַז דער ריכטער זאָגט סוזין, בלייבט סוזי.

וואָס דען, ער וועט גיין חתונה האָבן מיט אַלע? וואָס איז ער, אַ טערק? אָדער אַזאַ גרויסער פאַרדינער צו קענען אַלע סופּאָרטן?

האָט זיך דער ריכטער געבייזערט: „דיר שיקן אין דזשייל? — דאָס איז קיין שטראָף נישט! — זאָלסט חתונה האָבן! — אָט דאָס וועט שוין פאַר דיר זיין גענוג שטראָף און, איבערהויפּט צו האָבן אַזאַ ווייב ווי סוזי . . .

— זאָל ער נאָר מיט מיר חתונה האָבן, — האָט זיך סוזי געטראַכט — ער וועט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן חנדלעך צו מאַכן צו יעדער מיידל! . . .

און — ער האָט מיט איר חתונה געהאַט.

איך ווינטש אייך איצט אָנקוקן דעם ווייבערשן בחור, דעם ווייבערשן העלד דזשאָו. ער זעט נעבעך אויס, ווי ער קען קיין צוויי ניט ציילן. ער נעמט די אָרדערס פון זיין ווייב. ער מאַכט ניט אַ טריט אייגער אַליין און ער האַלט נאָר אין איין פליען: פון קיך אין גראָסערי, פון גראָסערי אין בוטשער סטאָר, פון בוטשער סטאָר אין מילך סטאָר, און ער האָוועט און האָרעוועט און גראָבט די ערד אונטער זיך, און ניאַנטשעט די בייבי און — דער ווייבערשער בחור דזשאָו זעט נעבעך אויס אַליין ווי אַ יידענע.

ער קומט שוין גענוג אָפּ ביי סוזין, און וואַרט אויס נאָך, ער וועט נאָך גענוג אָפּקומען ביי איר.

# שלמה המלך׳ס טראָן

מיט יאָרן צוריק האָב איך געמאַכט אַ רייזע קיין רומעניע צו באַזוכן מיין אַלטע היים. איך האָב זיך דאָרט באַקאַנט מיט עטלעכע יידישע אַקטיאָרן און מיר האָבן באַשלאָסן צו שפּילן טעאַטער.

מיר האָבן געדונגען אַ לאָקאַל, אויפגעבויט אַ בינע, צוזאַמענגעשטעלט טישלעך מיט בענקלעך און באַשלאָסן צו שפּילן „שלמה המלך״. מיר זיינען געווען זיכער, אַז „שלמה המלך״ וועט ברענגען אַ גרויסן עולם אין טעאַטער. וואָס קען זיין נאָך פּאָפּולערער ווי שלמה המלך ?

מיר האָבן ניט געהאַט קיין טעות. דער עולם האָט אין פאַרויס געקויפט בילעטן פאַר צוויי גאַנצע פאָרשטעלונגען.

עס איז געקומען פאַר דער ערשטער פאָרשטעלונג. דאָס טעאַטער איז געווען געפּאַקט. מיר, אַקטיאָרן, האָבן אַ גאַנצן טאָג געשפּילט אין קאָרטן און זיך פאַרלאָזן אויף אַ גוי מיטן נאָמען קאָסטאַקע, אַז ער וועט אויפפּיקסן די בינע.

מיר האָבן זיך געכאַפּט, אַז אויף דער בינע פעלט דער **טראָן**, אויף וועלכן שלמה המלך וועט זיך דאַרפן אַוועקזעצן.

„קאָסטאַקע! קאָסטאַקע! — האָב איך געשריען — „מאַך אַ טראָן פון וואָס דו וועסט נאָר קענען, אַבי אַ טראָן, און שנעל!״

קאָסטאַקע האָט געבראַכט אַ פאַס, עס אַוועקגעשטעלט אויף דער בינע, דאָס איבערגעדעקט מיט אַ טישטוך און דער פאָרהאַנג איז אַרויפגעצויגן געוואָרן.

שלמה המלך האָט אָפּגעזונגען: „איך בין שלמה המלך, דער קליגסטער קעניג״, און זיך אַוועקגעזעצט אויפן טראָן. און איז אַריינגעפאַלן אין פאַס. דער פאַס איז געווען צעשפּאָלטן. (עס איז געווען אַ שוואַכער פאַס און ניט געקאָנט האַלטן דעם קעניג). שלמה המלך איז פון פאַס אַרויס אויפן פלאָר און דער עולם האָט אַפּלאָדירט און זיך געקאַטשעט פון געלעכטער.

מאָריס קליין

מיט אַ טאָג שפּעטער האָבן מיר ווידער געשפּילט די פּיעסע און געווען פּאָרזיכטיק מיטן טראָן. מיר האָבן אַוועקגעשטעלט אַ פאַרמאַכטן פּאַס. דער קעניג האָט זיך אַוועקגעזעצט און איז ניט אַריינגעפאַלן. דער עולם האָט פּראָטעסטירט און געשריען: „גיט אונדז דעם טראָן פון נעכטן!" און געפאָדערט צוריק דאָס געלט.

„מיר האָבן פיינט, אַז מען נאַרט אונדז אָפּ", האָט געשריען אַ יידענע, „שלמה המלך וויל מער ניט אַריינפאַלן אין פּאַס, אומזיסט גיבן מיר ניט קיין געלט! גיט אונדז צוריק דאָס געלט!"

# הערט אַ טענה

שפּאַצירנדיק איינער אַליין אין אַ הייסן זומער אָוונט, שטעלט מיך אָפּ איינער אַ פריינט און מיט אַ שמייכל זאָגט ער צו מיר:

— איך זוך ערגעץ אַ פיינעם רעסטאָראַן. איך וואָלט גערן געגעסן אַ „סמאָל פריי". קומסט אויך מיט? — האָב איך צו מיין פריינט אַ מאַך געטאָן.

— שור, — ענטפערט ער מיר — אָבער דו מוזט זיך פון מיר לאָזן „טריטן".

איך האָב פּראָטעסטירט, נאָר עס האָט ניט געהאָלפן...

מיר זיינען אַריין אין אַ רעסטאָראַן, אָפּגעגעסן און דער וויטער האָט דערלאַנגט דעם „ביל".

מיין פריינט איז געוואָרן אַלע קאָלירן, דערזעענדיק דעם רעכ־נונג. ער האָט זיך אַ טאָפּ געטאָן אין פּאָקעט: ניטאָ גענוג צו באַצאָלן דעם ווייטער!...

ער איז געפאַלן אויף אַ שכל: — ער האָט גענומען קלאַפּן אין טיש, ביז דער בעל הבית פון לאָקאַל איז צו און העפלעך געפרעגט: מיינע הערן, וואָס איז אייער „קאָמפּליינט"?

הערט אַ טענה פון אַ ווייטער: ער פאַרלאַנגט נאָך אַמאָל באַצאָלט! האָב אים דאָך דערלאַנגט אַ 5 דאָלער ביל, וואָרום גיט ער מיר ניט צוריק דעם רעשט?

דער בעל הבית האָט מיין פריינט געגלויבט אויף דער דערקלע־רונג און דעם ווייטער אַרויסגעוואָרפן און זיך אַנטשולדיקט פאַר אונדז: — „אַנטשולדיקט, מיינע הערן, דער ווייטער אַרבעט ערשט דאָ פון היינט, האָב גאָר ניט געוואוסט, ער איז אַזאַ שאַרלאַטאַן, אָבער אַנטשולדיקט! אַנטשולדיקט! מיין לאָקאַל איז צו „רעס־פּעקטאַבל", עס זאָלן פאָרקומען אַזעלכע שווינדלערייען. דאָ האָט איר אייערע 5 דאָלער צוריק און פאַר די „דינערס" וועט איר שוין אַן אַנדערס מאָל באַצאָלן!...

מאָריס קליין

מיין פריינט האָט געצויגן מיט די אַקסל, אַריינגעשטעקט דעם 5 דאָלער ביל אין טאַש און מיט אַ נערוועזער מינע געענטפערט: דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן איז מיר אַזאַ באַליידיקונג פאָר־געקומען.

מיר זיינען פון דאָרט אַרויס און אויפן גאַס האָב איך מיין פריינט געפרעגט: — סעי, דאָס איז דאָך אַ סקאַנדאַל! וואָס האָסטו דעם וויטער אַזוי באַשולדיקט? ער איז דאָך אומשולדיק!

— נישקשה, באַיעלע — קלאַפּט ער מיר אין פּלייצע — ס'איז ביזנעס!

און אַט אַזוי מאַכט מיין פריינט יעדן טאָג אַ פינפערל און עסט זיך אָן מיט אַ געשמאַקן דינער!...

# דער אונטערפירער

זאָגט צו מיר מיין מחותן: משה יאָסיל, האָסט שוין באַשלאָסן, ווער ס'זאָל זיין דיין אונטערפירער?

— ניין!

— וואָס הייסט? אויף מאָרגן איז דאָך די חתונה און דו האָסט נאָך ניט באַשלאָסן ווער ס'זאָל זיין דיין אונטערפירער?

איך האָב זיך אויף שנעל אָנגעטאָן, אָפּגעגעסן פרישטיק, און זיך אַוועקגעלאָזט איבערן שטאָט אָפּצוזוכן אַ אונטערפירער צו מיין חופה.

אויפן פינפטן פלאָר פון אַ טענעמענט הויז וואוינט מיינער אַ לאַנדסמאַן. איך האָב אים פאַרגעשלאָגן, אויב ער וויל ווערן מיין אונטערפירער צו דער חתונה. ער האָט געקבייטשט מיטן שטערן און מיר אָפּגעזאָגט (אַ אונטערפירער צו זיין שמעקט מיט אַ פּרעזענט!...).

איך בין אַוועק...

איך קלאַפּ אָן אין טיר פון אַ שיינעם אַפּאַרטמענט. דאָרט וואוינט אויך מיינער אַ גוטער פריינט.

— העלאָו, משה יאָסיל — זאָגט ער צו מיר און הייסט מיר זיצן.

— איך דאַנק!

— וואָס גיט נייעס?

— איך גיי חתונה האָבן!...

— טאַקע?

אַזוי ווי דו הערסט!

— פּלוצים?

— אַ ראָמאַן!... — און איך האָב האָסטיק אַ זיפץ געטאָן און אַרויסגעלאָזט דעם רויך פון אַ „האַוואַנאַ" סיגאַר.

— ביסט מיך, מסתמא, געקומען איינלאַדן צו דער חתונה?

— נאָך מער, איך וויל, דו זאָלסט זיין מיין אונטערפירער!...

— אָלרייט! פאַרוואָס דען ניט, אָבער... לײַ מיר אַ גמילות חסדל.

— איך אַרבעט שוין ניט 3 וואָכן, מיר סטרייקן... פאַר־שטייסט? איך בין געבראָכן — האָט מיין פריינט געמאַכט.

איך בין געוואָרן פאַרמישט און שוין ניט געוואוסט, ווי אַזוי פון מיין „אונטערפירער" זיך אַרויסדרייען, אָבער ענדלעך האָב איך אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך בין אויך „געבראָכן". ער האָט עס אָבער מיר ניט געוואָלט גלויבן: סטייטש, „געבראָכן" און גייסט חתונה האָבן? עפּעס לייגט זיך דאָס ניט אויפן שכל! — — —

— זעסטו — האָב איך צו מיין פריינט געזאָגט — ס'איז אַ גאַנץ מעגלעכע זאַך: איך בין טאַקע „געבראָכן", אָבער איך נעם א מויד מיט 5000 דאָלאַרעס, באַיעלע.

דאָ האָט מיין פריינט אויסגעבראָכן מיט אַ הילכיקן געלעכטער און געדריקט מיין האַנט און מיט די שענסטע גראַטולאַציעס מיך געטשירט.

— איז זי כאָטש אַ שיינע?

— הערסט דאָך, אַז זי האָט 5000 דאָלער!

— דאַן מוז זי אוודאי זיין שיין! — און מיין פריינט האָט אָנ־גענומען צו זיין מיין אונטערפירער אויף מאָרגן צו דער חתונה!...

# ביים דאָקטאָר

— איך בין קראַנק, הער דאָקטאָר! — מיט די דאָזיקע ווער־טער האָט אַ יונגע פרוי אויסגערופן, עפענענדיק די טיר ביים אָפיס פון אַ יונגן דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר, דערזעענדיק די שיינע יונגע דאַמע, האָט מיט אַ שמייכל געענטפערט: —

— אוממעגלעך, מאַדאַם! איר קראַנק? באַמערקט נאָר אייערע ראָזע באַקן, אייערע שיינע האָר, אייערע קאַרשן־ליפּן, אייערע ברי־ליאַנטענע אויגן מאַכן מיר גלויבן, אַז איר זייט שוין גאָר ניט קראַנק און פיליכט איז עס בלויז אַן איינבילדונג, מאַדאַם...

— אָ, פּליז, הער דאָקטאָר, מאַכט מיך קראַנק, אונטערזוכט מיך, אפשר וועט איר דאָך אויסגעפינען, אַז איך בין קראַנק און איר וועט מיר הייסן ערגעץ אַוועקפאָרן אין אַ קאַנטרי.

— אָלרייט! — האָט דער יונגער דאָקטאָר געענטפערט — קומט מיט מיר אַריין אין אַנדערן צימער, איך וועל אייך אונטער־זוכן...

און די יונגע דאַמע האָט געפאָלגט, אָבער איר האַרץ האָט גע־קלאַפּט שטאַרקער ווי אימער, ווי ביי אַ מיידל, וואָס אַ באַי דער־קלערט זיך איר אין ליבע.

— ווי איז אייער נאָמען?

— איך הייס סילוויאַ בלומענטאַל...

דער דאָקטאָר האָט פאַרשריבן.

— וואו וואוינט איר?

— אין סטראַדאַ וויקטאָריאַ, נומ. 85.

— עס פרייט מיך, עס פרייט מיך — האָט דער דאָקטאָר שטאַמ־לענדיק געזאָגט. — איר זייט עס די יונגע אַלמנה, וואָס איך האָב אייך געזען, זונטיק, געזעסן אין נאַציאָנאַל טעאַטער?

— יעס, יעס, הער דאָקטאָר, איך בין עס! — האָט די אלמנה געשעפטשעט מיט אירע ליפּן...

— אַזוי! און ווי לאַנג איז שוין אייער מאַן טויט?

— שוין 3 יאָר!...

— פון וואָסער קראַנקהייט איר אייער ג"ז מאַן געשטאָרבן?

— גלאַט אַזוי... פון עלטער...

— ווי אַלט איז ער געווען?

— 77 יאָר!...

— צום טייוול!...

— אָבער, הער דאָקטאָר!...

— אַנטשולדיקט, מאַדאַם! איך וויל זאָגן, אַז אַזאַ שיינע רייצנדע פרוי ווי איר האָט געהייראַט אַזאַ אַלטן?

— מען האָט מיך געצוואונגען... איר פאַרשטייט... צוליב זיין רייכטום!...

— אַהאַ! אַהאַ! איך פאַרשטיי... — האָט דער דאָקטאָר מיט גרויס מוט געענטפערט, אַנכאַפּנדיק דער יונגער אַלמנהס האַנט...

— וואָס טוט איר, הער דאָקטאָר?

— אַנטשולדיקט, איך וויל פּרובירן אייער פּולס. הם... הם... איר זייט טאַקע קראַנק, מאַדאַם!

— אָט אַזוי, הער דאָקטאָר! זאָגט, איך בין קראַנק. הייסט מיר ערגעץ פאָרן!

— יעס! יעס! איך וועל אייך הייסן פאָרן! אייערע נערוון אויסרוען! דאָס וועט אייך מאַכן פילן גוט. אָבער — אייך, מאַדאַם, פעלט מער ווי די קאַנטרי... אייך פעלט ליבע! איר זייט נאָך יונג און רייצנד! איך, אַלס אייער דאָקטאָר, וועל אימער זיין נעבן אייך און אייך פאַרשרייבן „מעדיצין".

די יונגע פרוי איז געפאַלן אויף זיין האַלדז כמעט אין אַנמאַכט און דער דאָקטאָר האָט אויסגערופן: —

— איך פאַרבלייב אייער דאָקטאָר אויף אייביק! אויף אייביק!

און די אַלמנה האָט אויסגעשעפּטשעט: —

— אַך, די ליבע! דאָס איז די בעסטע מעדיצין!...

# אַ ליטעראַרישער אָוונט

דער האָל איז שוין געווען געפּאַקט. אַן עולם פון אַלערליי סאָרטן איז געזעסן און מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער דער־עפענונג פון אָוונט. אייניקע האָבן שוין זאַגאַר געגעניצט און פויל געאָטעמט . . . אַנדערע האָבן געטופּעט מיט די פיס און פיל פון דער פאַרזאַמלונג האָבן געקלאַפּט מיט די הענט. — ס׳איז געוואָרן אַ טומל. —

ענדלעך איז אַרויפגעקומען אויף דער פּלאַטפאָרמע דער טשער־מאַן, קענטיק אַן אַפּערייטאָר, און געבעטן דעם עולם זיך באַרואיקן:

— וואָס איילט איר זיך אַזוי? ס׳איז נאָך פרי, ערשט 9 אַזייגער, דאָס קינצלער־פערזאָנאַל איז נאָך דערווייל ניט געקומען!... האָט נאָר געדולד, אין פופצן מינוטן אַרום וועט איר באַוואונדערן אונדזערע „קרעפטע״, אוי האָבן מיר פאַר אייך אַ רייכן פּראָגראַם— האָט זיי דער טשערמאַן באַרואיקט — איר וועט געוויס איבעררּאַשט ווערן,—נאָר, ווי געזאָגט, האָט געדולד! איר ווייסט דאָך דאָס ווערטל: געדולד ברענגט רויזן . . .

א יונגערמאַן, וואָס איז געזעסן אין האָל, האָט אונטערגעכאַפּט:

— יאָ, יאָ, געדולד וועט ברענגען „באַנענעס״ אויף אייער קאָפּ!

אין אַ ווײַלע אַרום איז דערשינען אַ הויכער יונגערמאַן אין אַ רעגנמאַנטל מיט אַ פידל אונטערן אָרעם און זיך, ווי אַן אמתער אַרטיסט, געלאָזט גיין הינטער דער בינע . . .

— אַהאַ, די „עקטאָרס״ באַווייזן זיך שוין! — האָט אַ יידענע געזאָגט.

דערנאָך זיינען געקומען אַנדערע „אַרטיסטן״ און זיך געלאָזט צו דער טיר, וואָס גייט צו דער בינע און ענדלעך האָט שוין דער עולם איינגעזעזן, אַז דער טשערמאַן האָט זיי ניט גענאַרט און אַז זיי וועלן ניט בלייבן „דיסאַפּאָינטעט״. ס׳איז געוואָרן שטיל. דער קאָנצערט האָט זיך אָנגעפאַנגען: —

— ליידיס און דזשענטלמען! — איך וועל אייך פאָרשטעלן איי־נעם פון די בעסטע פידל שפּילער פון באַלטימאָר, איר וועט אי־בערראַשט ווערן פון זיין טאַלאַנט! איר וועט מיינען, אַז דאָס איז דער צווייטער מישאַ עלמאַן, יאַשאַ חפץ אָדער יאַן קובעליק! — איך זאָג אייך מיט איין וואָרט — ער איז אַ זשעני. ער טרעט אויף דאָס ערשטע מאָל, דערפאַר איז ער נאָך ניט אַזוי באַקאַנט און דאָס איז ניט קיין אַנדערער ווי (ער קוקט אַריין אין פּראָ־גראַם) מיסטער חיים שמיטשעק!

דער עולם האָט געפּאַטשט מיט די הענט און דער גרויסער אַרטיסט איז דערשינען, האָט אויסגעפּאַקט דעם פידל, האָט גע־פּרואווט די סטרונעס און האָט צווישן די ציין געברעכנט „דאָ רע מי פאַ סאָל" . . . דאַן האָט ער געזוכט אין קאַסטן, וואו דער פידל איז געלעגן, דעם סמיטשעק, און האָט זיך געכאַפּט, אַז — ער האָט אים גאָר פאַרגעסן אין דער היים . . . נו, פאַרפאַלן! . . .

דער טשערמאַן האָט געבעטן אַנטשולדיקונג: —

— אָבער דערפאַר וועלן מיר אייך פאָרשטעלן אַן אַנדערן קינצלער, נאָך אַ גרעסערן, ער וועט אייך פאָרלעזן עפּעס פריי־לעכס, אַז איר וועט פּלאַצן פון געלעכטער, ער וועט אייך נעמען פאָרלעזן „מילכיקס" פון שלום־עליכם. און דאָס איז ניט קיין אַנדערער ווי נאָר מיסטער סעם בלינצע!

א יונגער מאַן מיט אַ בלאַסן געזיכט האָט זיך געוויזן מיט אַ קאָפּ געדיכטע האָר, מיט ברילן אויף דער נאָז. ער האָט געעפנט אַ בוך און פאָרגעלעזן „מילכיקס". ער האָט אויסגערעכנט גוטע מאכלים און דער עולם האָט געקראָגן אַפּעטיט, אייניקע האָבן זאָגאָר אַרונטערגעלאָפן אין סטריט און אַריין אין מילכיקן רעסטאָראַן און זיך געשאַפּט אַ טעלער בלינצעס, קרעפּלעך, בייגעלעך! . . .

— יאָלדאָק! — האָט דער טשערמאַן אים געציפּט ביים ראָק — וואָס האָסטו געטאָן? האָסט צעטריבן דעם עולם . . . סטאָפּ! לייען עפּעס אַנדערש . . .

דער יונגערמאַן האָט דערזען, וואָס ער האָט אויפגעטאָן, האָט גע־

גומען פאַרלעזן אַ דראַמאַטיש שטיק, זייער אַ טרויעריקס און מיט אַ מאָל
האָט מען געהערט פון זאַל עטלעכע ווייבער כליפּן . . .

שפּעטער האָט דער טשערמאַן פאָרגעשטעלט אַ גאָר דראַמאַטישע
פיגור, דאָ האָט מען טאַקע געזען, אַז ער איז אַן אַרטיסט. דאָס איז
געווען אַ ברייטפּלייציקער מאַן מיט אַ היפּשן פּליך און אַ מאָגער
פּנים, מיט קרומע אָפּזאַצן ביי די שיך און אַ קראַוואַט אַלאַ „ווינדזאָר",
דאָס איז געווען אַ טיפּ, וואָס מען זעט אָפּט אין די קיבעצאַרניעס, אָדער
אַזעלכע, וואָס וואַרטן אויף אַן אַנגעדזשמענט אין אַ פּראָווינץ־
טעאַטער און אַז זיי זעען איין, אַז מען וויל זיי ניט אָנערקענען אַלס
שוישפּילער, וואַנדערן זיי אַרום אין דער פּראָווינץ און גיבן אָפּ קאָנ־
צערט.

— וואָס זאָל איך פאַר אייך דעקלאַמירן? — האָט זיך דער
אויבנדערמאָנטער אַרטיסט אָנגעפרעגט ביים פּובליקום: — זאָל איך
פאַר אייך דעקלאַמירן פון עדעלשטאַדטס? פון רייזען, פון גאָרדין?

— עט, מוחל! מוחל! שוין זאַט פון דעקלאַמירן! — האָט דער עולם
געענטפערט — שפּילט עפּעס קאָמישעס! פריילעכס . . .

דער אַרטיסט איז נעבעך געבליבן אין פאַרלעגנהייט: וואָס, אַשטייי־
גער, קען ער געבן זיי פריילעכס, אַז ער איז מיט לייב און לעבן
דראַמאַטיש?

— ניין! — האָט ער אויסגעשריען — איך וועל אייך נאָר דראַ־
מאַטישעס געבן!

דער עולם האָט זיך איינגעשפּאַרט און פאַרלאַנגט פריילעכס און
ס'איז געוואָרן אַ גאַנצער טומל . . . מען האָט געשלאָגן דעם טשערמאַן,
און די אַקטיאָרן זיינען דורך אַ הינטער טיר אַנטלאָפן . . .

# אַ גרויסער סורפּרייז

שוין צוויי וואָכן געפינט זיך פּעניטשקע, דזשאָוס פרוי, אין קאָונטרי צוזאַמען מיט איר קליין מיידעלע טילי.

דזשאָו, אַן איבערגעגעבענער מאַן צו פּענין, האָט זי אַוועקגעשיקט אויף עטלעכע וואָכן אויף די „בערג": זאָל זי זיך אַביסל דערהאָלן. אין שטאָט איז זייער הייס, מען קען כמעט ניט אָטעמען. מילא אַ מאַן קען זיך ניט העלפן, ער מוז בלייבן אין דער גרויסער דושנער שטאָט, מען קען דאָך ניט אָפּסטאָפּן פון דער אַרבעט, ווען די בויטן זיינען אַזוי גרויס, אַפילו זיין פּעניטשקעו אַוועקצושיקן אין קאָונטרי האָט עס אים אויך ניט געלוינט נאָר וואָס טוט מען ניט, ווען מען ליבט אַזוי הייס אַ יונגע פרוי, וועלכע באַזיצט אַ פּאָר שוואַרצע אויגן, שיינע צעפּ, אָפּגעטאָקטע גלידער, פּערל־ציין? . . . אָט אַזוי האָט דזשאָו שטענדיק געטראַכט, זיצנדיק ביי דער אַרבעט.

מיטאַמאָל איז דזשאָוען אַ געניאַלער געדאַנק איינגעפאַלן און אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שטראַל פון גליק:

ער וועט פּעניטשקען מאַכן אַ „סורפּרייז" — ער וועט צו איר היינט אַרויספאָרן! היינט איז דאָך פריייטיק, באַלד לייגן מיר אַוועק די אַרבעט, אַוואו זאָל איך זיך אַליין אַהינטאָן? ער וועט אַריינפאָרן צו פּענין און זיי וועלן דאָרט זיין צוזאַמען ביז זונטיק, צי וועט ער אפשר צוריקפאָרן שבת ביינאַכט, אום ער זאָל ניט זיין מאָנטיק שפּעט צו דער אַרבעט? ביין! דער געדאַנק איז אים ניט געפעלן. ער וועט ביי איר בעסער איבערנעכטיקן און זונטיק גאַנץ פרי וועט ער צוריקפאָרן קיין ניו יאָרק! . . .

געזעסן ביי דער מאַשין און פלייסיק געאַרבעט, האָט דזשאָו אַלע ווײַלע געקוקט צום וואַנט־זייגער. ענדלעך האָט זיך די גליקלעכע שעה אונטערגערוקט! . . .

ער איז אַוועק פון שאַפּ. געלאָפן דערנאָך צום באַרבער. געלאָפן דערנאָך אין רעסטאָראַן, שנעל אָפּגעגעסן און איז פאָרנאַכט 6 אַזייגער

גער אַוועק צום סטיישאָן. ביז „פלעזשורוויל" דויערט די רייזע קאַרגע 4 שטונדן — האָט אים אַ קאָנדוקטאָר אין טריין געזאָגט. די רייזע האָט דזשאָן אויסגעוויזן צו לאַנג . . . ענדלעך האָט דער קאָנדוקטאָר אויסגערופן : „פלעזשורוויל"!

דזשאָו איז אַרונטערגעשטיגן. ס'איז שוין געווען אַרום 10 אַזייגער. פון סטיישאָן האָט ער געמוזט גיין צו פוס ביז צו דעם הויז, וואו פעניטשקע מיט דעם קינד האָבן לאָזשירט.

ער איז נאָך לאַנג „וואָקען" אַהין געקומען : אָנגעקלאָפּט אין טיר און קיינער האָט אים ניט געענטפערט. ער האָט מורא געהאָט שטאַרקער צו קלאַפּן אין טיר. ער האָט געפּרואווט די טיר, וועלכע איז גראד ניט געווען פאַרשלאָסן, האָט געעפנט און זיך געטראַכט : „זי שלאָפט . . . איך וועל לאַנגזאַם צו איר בעט צוגיין און איר אַ קוש טאָן — דאָס וועט זי שטאַרק „סורפּרייזן" . . ."

אויף די שפּיץ פינגער איז ער צו איר בעט צוגעגאַנגען און ער האָט געפונען אין איר בעט דעם פאַרמערס ווייב. און זיין פעניטשקע איז גאָר געווען אויפן וועג אין שטאָט צו טרעפן זיך מיט אים.

# היפנאָטיזם

אין הויז ביי דער אויפגעקומענער מיסעס פודינג זיינען געזעסן פיל געסט, מיידלעך און יונגע לייט, און מען האָט דעבאַטירט פאַר־שידענעס.

די רייכע מאַדאַם איז געווען זייער שיין געקליידעט און האָט אויף זיך געטראָגן אַ טייערע דרעס. דאָס האָט זי אומישנע געמאַכט צוליב איר געבורטסטאָג און צוליב דעם האָט זי אויך איינגעלאַדן די אַלע געסט . . .

מען האָט איבער פילעס דעבאַטירט, ביז מען איז געקומען איבער דער טעמע: „היפנאָטיזם”. . .

— איך דענק, דאָס היפנאָטיזם איז עפּעס אַ „בלאָף” — האָט מיסעס פודינג אויסגערופן, אום צו צייגן דער געזעלשאַפט, אַז זי אינטערעסירט זיך אויך אין וועלט־פראַגן . . .

אַ יונגער סטודענט האָט זיך אָפּגערופן בזה הלשון:

— אויב איר, מאַדאַם, דענקט, אַז היפּנאָטיזם איז אַ „בלאָף”, קען איך פונקט דאָ ביי אייך איבערצייגן, אַז עס איז שוין גאָר קיין „בלאָף” ניט . . . און אַז עס איז גאַלע אמת! . . .

— אָלרייט! — האָבן אַלע געענטפערט — איבערצייגט!

— איבערצייגט! — האָט מרס. פודינג אויך אַ געשריי געטאָן.

— יעס, איך קען דיזען עקספּערימענט מאַכן אויף אייך! — האָט דער יונגער סטודענט געזאָגט צו איר — אָבער איר מוזט זיין רואיק און ענטפערן אויף אַלע פראַגן, וואָס איך וועל אייך שטעלן . . .

דער יונגער סטודענט האָט איר אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל און איר געהייסן קוקן דירעקט אין זיינע אויגן. זי איז פאַמעלעך איינ־געשלאָפן און דער „היפּנאָטייזער” האָט איר געשטעלט די דאָזיקע פראַגן:

— איר זייט די רייכע פרוי מיסעס פודינג?

— יעס! — האָט די היפנאָטיזירטע פרוי געענטפערט.

— איר זייט אַלט 48 יאָר?

— יעס! — האָט זי ווידער מיט כעס געענטפערט. כאָטש זי פלעגט אימער זאָגן, זי איז אַלט 30 יאָר.

— איר ליבט אייער מאַן?

— יעס! — האָט זי ווידער געענטפערט.

— איר פאָלגט אייער מאַן, מאַדאַם, און טוט אַלץ, וואָס ער הייסט אייך? — האָט איר דער סטודענט אַ פראַגע געשטעלט.

— ניין, דאָס ניט! פאָלגן אים, דעם חזיר, — אַ מכה! — האָט זי אויסגעשריען און גענומען אַרומלויפן איבערן הויז ווי אַ צעדולטע.

— איר זייט אונטער היפּנאָטיזם! — האָט איר דער סטודענט געוואָרנט — איר טאָרט ניט שרייען.

זי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

— וואָרן איך אייך — האָט דער סטודענט איר צולעצט באַפוילן — איר זאָלט פון היינט אָן און ווייטער פאָלגן אייער מאַן, אַז ניט קער איך איבער אויף אייך די ערד.

— אָלרייט! — האָט זי אָפּגעענטפערט און ער האָט איר אָנגע־זאָגט די נייעס, אַז זי איז פריי.

איצט פאָלגט זי איר מאַן און טוט פאַר אים אַלץ אין דער וועלט — זי האָט מורא פאַר היפּנאָטיזם.

# אַ „שמעקער״...

נעביך אַ גרינער דער דאָזיקער „שמעקער!״ אַזוי האָט מען מיר געזאָגט ווען איך האָב פּלוצים באַמערקט ווי אַ פּאָליסמאַן האָט גע־פיהרט איין אידעל אין פּאָליס סטיישאָן.

וואָס האָט ער געטאָן אַזוינס וואָס מען האָט אים אַרעסטירט? האָב איך מיט נייגעריגקייט געפרעגט עטליכע מענשען וועלכע האָבען זיך אין גאַס געקאָכט איבער דער „טראַגעדיע״ פון דעם אַרעסטירטען „שמעקער״... ער האָט אַרויסגענומען אַ שאַכטעלע מיט אַזאַ מין „שמעקעכטס״ האָט אַ אינגל אַ זאָג געטאָן און עס אריינגעשאָטען אין נאָז און האָט עטליכע מאָל אַ ניס געטהאָן! ...

איך האָב זיך צולאַכט.

— וואָס לאַכט איהר מיסטער: זאָגט אַ אידענע מיט פּערקאַ־שעלטע אַרבעל, מען האָט נעביך אַרעסטירט אַ אידען אין מיטען גאַס און איהר לאַכט?...

— וואָרום זאָל איך ניט לאַכען, זאָג איך שפּעטענדיג, אַז מען טהוט אַ שמעק קומט דערפאַר געהן אין פּאָליס סטיישאָן?

— ער וועט נאָך קריגען „דזשייל״, רופט זיך אָן אַ „ביוס באָי״ מיט אַ פּאַק צייטונגען אין האַנד: ער האָט געשמעקט „מאָרפין״... יעס, יעס, האָב אויך געזעהן ווי ער האָט אַוועקגעלעגט פון באָקסעלע אַבי־סעלע פון דעם שמעקעכטס און האָט אַריינגעלעגט אין נאָז און האָט ליידענשאַפטליך געשמעקט ... דאָס איז זיכער געווען „מאָרפין״...

— פון וואַנען ווייסטו דאָס? פרעג איך שוין מיט אַן ערנסטען טאָן, דער פּאָליסמאַן האָט איהם תיכף פאַרדעכטיגט און איהם געהייסען געהן מיט איהם אין פּאָליס סטיישאָן ...

ס׳האָט ניט גענומען קיין 2 סעקונדען און איך בין אין פּאָליס סטיישאָן נאָכגעקומען. איך בין אַריין אין זאַל און געהערט דעם ריכטער איהם מוסר׳ן: — צייג מיר דאָס שאַכטעל מיט „מאָרפין״, האָט דער ריכטער באַפוילען ...

דער איד האָט מיט ציטערנדע הענד דאָס שאַכטעלע מיט „שמע־קעכטס" געוויזען, דער „דזשאָדזש" האָט עס באַטראַכט און פון דעם אינהאַלט עדעל צוגעשמעקט און זיך ענדליך צולאַכט און אַ זאָג געטהאָן: — „זשי, איף דיס אייגט איי דזשאוק!"... דאָס איז דאָך שמעק טאבאק! . . .

יאָ! יאָ! טאבעקע, האָט דער גרינער אידעל מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּען זיך פאַרטיידיגט . . . און צווישען די ליפּען געברומט: — אַ פריי לאַנד דאָס אַמעריקע! אַ שמעק טאַבעקע טאָר מען ניט געבען, און מען ווערט תיכף אַרעסטירט! . .

טאַקע אַ פריי לאַנד אַמעריקא! האָב איך אויך צוגעגעבען!

# אַ מעשה מיט אַ פערד

צוויי פערד גנבים זיינען געגאַנגען אין וועג. איינער איז געווען אַ רויטער, דער אַנדערער איז געווען אַ שוואַרצער.

זאָגט דער רויטער צום שוואַרצן: „אָט גייט אַ פּאַרמער און ער פירט אַ פערד, וואָס ער האָט געקויפט אין מאַרק. לאָמיר אים צו־נעמען".

ביי די רייד איז טאַקע אָנגעקומען אַ פאַרמער און ער האָט געפירט אַ פערד פאַר אַ שטריק.

איינער פון די גנבים, דער שוואַרצער, איז פּאַוואָלינקע צוגעגאַנגען צום פערד, האָט אָפּגעבונדן פון דעם פערד די שטריק און דאָס אָנ־געבונדן זיך אויפן האַלדז. דער רויטער האָט גענומען דעם פערד און איז מיט אים אַוועק. און דער שוואַרצער איז נאָכגעגאַנגען דעם פּאַר־מער, טריט ביי טריט.

גייענדיק, האָט דער שוואַרצער פּלוצלונג אַ ניס געטאָן. דער פּאַר־מער האָט אומגעדרייט זיין קאָפּ אַהינטער צו זען, ווער עס ניסט און— ווי דערשראָקן איז ער געווען, אַז אנשטאָט זיין פערד האָט זיך אים אויף דער שטריקל נאָכגעשלעפּט אַ מענטש.

— „שרעק זיך ניט, סטעפּאַן" — האָט דער שוואַרצער געזאָגט צום פּאַרמער — „דאָס בין איך דיין פערד, נאָר איך האָב אַזאַ טבע צייטנווייז צו פאַרביטן ווערן אין געשטאַלט פון אַ מענטשן".

דער פּאַרמער האָט זיך איבערגעשראָקן, האָט זיך איבערגעצלמט דריי מאָל און געזאָגט: „גיי זיך דיר מיט גליק, איך דאַרף ניט האָבן אַן אומגליקלעכע באַשעפעניש אַזאַ ווי דו".

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער שוואַרצער פערד־גנב איז אַוועק זייער אַ צופרידענער. אַ האַלבע שטונדע שפּעטער קומט אָן דער פּאַרמער נעבן אַ שענק, זעט ער זיין פערד שטיין צוגעבונדן צו אַ בוים. גייט ער צו צום פערד און ראַמט אים אַריין אַ סוד אין אויער: „נישקשה, האָב קיין מורא ניט. איך וועל דיך צוריק ניט נעמען. ביסט, נעבעך, אַ פאַרשאָלטענער".

# אַ מעשה מיט אַ קו

אַן אַלטער פּאַרמער איז געווען קראַנק און געהאַלטן ביים שטאַרבן. און איידער ער האָט צוגעמאַכט אויף אימער די אויגן, האָט ער צו־גערופן זיינע דריי זין און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

— „מיינע קינדער! איך גיי אַוועק פון דער וועלט. קיין גאָלד און זילבער האָב איך ניט אייך איבערצולאָזן, אויסער מיין פעלד, וועלכע איר וועט זיך צעטיילן אויף גלייכע חלקים. קיינער פון אייך זאָל זיך ניט נעמען מער ווי דער אַנדערער. און די קו, די איינציקע קו, וואָס איך לאָז אייך איבער, זאָלט איר פאַרקויפן און דאָס געלט צעטיילן צווישן אייך אויף גלייכע חלקים".

דער פּאַרמער איז געשטאָרבן. די קינדער האָבן זיך צעטיילט מיט דעם געלט, אַזוי ווי דער פאָטער האָט זיי געהייסן, אָבער ווען עס איז געקומען צו פאַרקויפן די קו, האָט איינער פון זיי געזאָגט:

— „וואָרום זאָלן מיר פאַרקויפן אַזאַ גוטע קו צו אַ פרעמדן? איז ניט בעסער, אַז זי זאָל בלייבן ביי אונדז?"

— „געוויס איז בעסער, אַז זי זאָל בלייבן ביי אונדז" — האָט אַן אַנדער ברודער געזאָגט — „די פראַגע איז, ביי וועמען?"

— „איך האָב אַ פּלאַן", — האָט געזאָגט דער עלטסטער ברודער— „מיר וועלן אויסבויען דריי נייע שטאַלן. יעדער איינער פון אונדז וועט אויסבויען אַ באַזונדער שטאַל, און אין וועמעס שטאַל די קו וועט וועלן בלייבן, צו יענעם זאָל זי געהערן".

דער פּלאַן איז די ברידער געפעלן געוואָרן און זיי האָבן זיך גענומען צו בויען די שטאַלן. ווען די שטאַלן זיינען פאַרטיק געוואָרן, האָט דער עלטסטער ברודער זיין שטאַל באַצירט מיט שיינע בילדער און מיט בלומען־טעפּ. דער צווייטער ברודער האָט אין זיין שטאַל אַריינגעשטעלט אַ שפּיל־קאַסטן, וואָס האָט געשפּילט שיינע מוזיק, און דער איינגסטער ברודער האָט זיין שטאַל אויסגעבעט מיט אַ סך שטרוי, און אין אַ ווינקל האָט ער אַריינגעלייגט אַ גרויסן בינטל פרישן היי.

ווען די קו איז געקומען פון פעלד, איז זי פריער אַריין אין דער ערשטער שטאַל, האָט דאָרט איבערגעקערט די בלומען־טעפּ און איז אַרויס. נאָכדעם איז זי אַריין אין דער שטאַל, וואו די מוזיק האָט געשפּילט, האָט אַ רעווע געטאָן ווי אַ בייזער קריטיקער און איז אַרויסגעלאָפן, סטראַשנדיק מיטן עק. צולעצט איז זי אַריין אין דער דריטער שטאַל, האָט זיך דאָרט אויסגעלייגט אויף דעם שטרוי און איז שוין דאָרט פאַרבליבן.

# צו דער סדר נאַכט

מנשה דער זייגערמאַכער האָט איינגעלאַדן זיין לאַנדסמאַן צום סדר.

דער לאַנדסמאַן, לאָמיר אים רופן פיליפּ, איז געווען אַ בחור פון אַ יאָר 43 און איז נאָך געשטאַנען אין שדוכים . . .

פיליפּ איז שוין געווען אויפן קאָפּ ביסלעך גרוי און דאָס האָט אים פיל געשטערט צו געפינען אַ פּאַסנדע כלה . . . פאַר אים איז מנשהס טאָכטער געווען אַן אידעאַל, ער האָט זי ממש פאַרגעטערט און עס האָט ניט געפעלט דער מאָמענט, אַז פיליפּ זאָל פון איר ניט טראַכטן אָדער דענקען . . . מנשה האָט אימער צו זיין טאָכטער געטענהט: סטייטש, ווארום וויליקט זי ניט איין צו הייראַטן אים, פיליפּן, ער איז דאָך אַ לאַנדסמאַן, א באקאנטער מענטש און נאָך אַ גוטער פאַרדינער אויך, טאָ וואָס האָט געפעלט, זיי זאָלן גליקלעך זיין?

— אָבער, פּאָפּאָ, ער איז דאָך מיט 18 יאָר עלטער פון מיר און זיין קאָפּ איז שוין גרוי — פלעגט דאָראַ, מנשהס טאָכטער, ענטפערן מיט איראָניע.

פיליפּ איז צום סדר געקומען אויסגעפּוצט, אָבער ווי פאַרוואונדערט זיינען זיי אַלע געבליבן, ווען זיי האָבן דערזען פיליפּן, וואָס אויף זיין קאָפּ איז מאַיעסטעטיש געלעגן אויסגעצויגן אַ שוואַרצער פאַרוק און דאָס האָט אים געמאַכט אויסזען פיל יינגער און שענער . . .

דאָראַ האָט דאָס באַמערקט, אָבער האָט גאָר ניט דערויף געזאָגט און זי האָט זיך קוים איינגעהאַלטן ניט צו לאַכן...

מען האָט אָפּגעריכט דעם סדר און מען האָט שוין געהאַלטן ביים עסן די באַטעמטע קניידלעך. עס איז לאַנגזאַם געוואָרן שפּעט; מנשה האָט פאַרגעזעצט די הגדה און פיליפּ האָט אין אַן אַנדער צימער אויף אַ סאָפע זיך אויסגעצויגן כאַפּן אַ דרימל.

דער פאַרוק איז אויפן פלאָר אַרונטערגעפאַלן.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און געוואָלט גיין אַהיים, האָט אים מנשהס טאָכטער אויפמערקזאַם געמאַכט, דאָס ער טראָגט ניט זיין פּאַרוק . . .

ער איז ממש פאַרכאַפּט געוואָרן פאַר בזיון און גענומען זוכן זיין פּאַרוק. ער האָט אַרונטערגעקוקט אונטערן סאָפע און ער איז געבליבן אַ פאַרשטיינערטער.

וואָס איז געשען?

די קאַץ האָט געפונען דאָס באַקוועמסטע פּלאַץ וואו צו האָבן אירע קעצעלעך — אין פיליפּס פּאַרוק . . .

# הייסע ליבע

(אַ סצענע אין 1 אַקט)

פּערזאָנען:

סעם: אַ יונגער בעל הביתל פון אַ יאָר 30.

סוזי: אַ ווייבל, אַ ברען.

סאַלוואַטאָרע מאַקאַראָני, אַן איטאַליענער.

צוויי קאָרטן־שפּילער.

די בינע שטעלט פאָר אַ צימער אין אַן אַפּאַרטמענט הויז. לינקס אַ קאַנאַפּע, רעכטס אַ וויגשטול, אַ פאָנאָגראַף. אין מיטן צימער אַ טיש. אַרום זיצן מענער און שפּילן „פינאָקל". ס'איז זונטיק אָוונט. עלעקטריק ברענט.

סעם (ליגט אויסגעשטרעקט אויף דער קאַנאַפּע מיט אַ בוך אין האַנט, לייענט): שוואַרצע וואָלקנס, און דער הימל איז געדעקט מיט גרינע פלעקן, און עס רוישט דאָס וואַסער טיפער און ער טוט זיך פון שלאָף וועקן.

ערשטער שפּילער: דער יונגאַטש וועט נאָך אַ גאַנצער פּאָעט ווערן . . . סי גלוסט זיך אים אַ פּאָעט צו זיין (ער שפּילט ווייטער).

צווייטער שפּילער: וואָס האָקט ער דאָרט אַ טשייניק מיט דעקלאַמירן? סי אַרט אים, וואָס ער האָט אויף זיך גאַנצע שיך? . . . אויך מיר אַ פּאָעט! . . . (שפּילט).

ערשטער שפּילער: פּשוט אַ באַשעפעטיקונג זוכט ער זיך... די יידענע זיינע אָוועק... קיין שפּור פון איר. אים געבאַך, אַן אלמן איבערגעלאָזט. (לאַכט) אַ שטרויענער אַלמן, סעם, ביסטו געוואָרן...

סעם: טאַקע אַן אַלמן!... וואָלט זי נאָר ניט צוריקגעקומען — וואָלט מיר געאַרט ווי דער פאַראַיאָריקער שניי . . .

צווייטער שפּילער: וואָס־זשע? זי קומט צוריק?

סעם (איראָניש): זי האָט מיר אַ בריוו געשריבן, אַז איר לובאָוו־ניק, אַ ווייטיק אים, האָט זי געשלאָגן און זי וויל פון אים אַנטלויפן... (זיפצט).

ערשטער שפּילער: „טשיר אַפּ" און זיי אַ ספּאָרט! קום, זעץ זיך אַוועק מיט אונדז און לאָמיר פאַרטזעצן אונדזער „גיימעלע" . . .

סעם: איך האָב דען אַ סענט ביי דער נשמה? וואָס ליגט מיר איצט אין זינען — אַרבעטן? די הויז איז פאַרלאָזט . . . אַלעס אַרום ווײנט, קיין סאַפּער, קיין ברעקפעסט! . . . וואָס זיך דערלעבט! אוי, אַז די באַלעבאָסטע פעלט! . . . (הייבט זיך אויף, בלאָזט דעם רויך נערוועז) וואָס האָט זי אויפגעטאָן? אַנטלאָפן מיט אַן אַנדערן, און מיט וועמען? מיט אַן איטאַליענער . . . אַ שאַרלאַטאַן! אַ גאָבאָדי! איך האָב איר געוואָרנט: סוזי — האָב איך איר געזאָגט — דיינע האַנדלונגען געפעלן מיר נישט! גייסט אויפן קרומען וועג! הער זיך ניט צו צו די שאַרלאַטאַנעס, זיי פאַנגען דיך מיט זייערע געשליי־פענע צינגלעך און דערנאָך לאָכן זיי פון זייער קרבן. און דער סוף איז אַ טראַגישער — די היים אַ צעבראָכענע, די הערצער צעשמעטערטע!...

ביידע שפּילער: נו, און איצט, אַז זי האָט דיר געשריבן, זי וויל צוריקקומען, וועסטו איר מוחל זיין? . . .

סעם: איך וואָלט איר מוחל געווען, אָבער... פאַרשטייסט, די שאַנדע, דער בזיון! דאָס עגבערט מיר מיין קאָפּ! דאָס לאָזט מיך ניט רוען, איך וואָלט וועלן אַנטלויפן אין דער ווייטער וועלט אַריין . . . אָבער וואוהין אַנטלויפט מען? און פאַר וועמען? פאַר זיך זעלבסט? איז דען דאָ ערגעץ אַן אָרט אין דער ווייטער וועלט, וואו איך זאָל קענען אין דער טראַגעדיע פאַרגעסן? (אין זיינע אויגן באַווייזט זיך אַ טרער).

— איר, מיינע בעסטע פריינט, איר ווייסט דאָך, ווי הייליק איך האָב זי געליבט, ווי שטאַרק מיין ליבע איז צו איר געווען! . . . יעס! יעס! איך האָב מורא, איך וועל עס ניט אויסהאַלטן! איך האָב מורא, איך וועל ניט קענען ביישטיין דעם נסיון און וועל ענדלעך איר מוזן מוחל זיין . . .

ביידע שפּילער: איך דענק, דאָס וועט זיין די בעסטע מעדיצין! קיין אַנדער אויסוועג איז ניט פֿאַראַן . . . קאַם אָן, אָלד באָי, לאָמיר פֿאַרגעסן אין פּוסטע געדאַנקען! לאָמיר פֿאַרטזעצן אונדזער שפּיל! (עס ווערט שטיל. סעם נעמט אַ האַנט אין דער „געים״. מיט אַמאָל הערט זיך אַ קוויטש, אַ געשריי: — רעטעט מיך! ער וויל מיך דערמאָרדן! העלפּ! העלפּ! (סוזי מיט צעפּאַטלטע האָר דערשיינט אויף דער בינע, נאָך איר סאַלוואַטאָרע מאַקאַראָני מיט אַ מעסער אין האַנט, סטראַשעט זי. אַלע הייבן זיך אויף פֿון אַרום טיש).

סוזי (פֿאַלט צו סעמס פֿיס, בעטנד): זיי מיר מוחל! זיי מיר מוחל! נעמיך צוריק! ער וויל מיך דערמאָרדן! . . .

סאַלוואַטאָרע (אויפגערעגט): „מי קיל יו״, די אומטרייע געליבטע! ביסט אַנטלאָפן פֿון מיר אויך!? וואָס דענקסטו, בין איך, אַט דער לאָקש? (ציגט אויף סעמען) נאָר אים, דעם נאַר קענסטו בלאָפֿן... מיט מיר „נאָ מייק מאָנקי ביזנעס!״... (ער פֿאַנגט זי ביי דער האַנט און שטויסט זי אָפּ פֿון זיך): „אדיאָ, קאַנאַליאַ! יו נעווער סי מי עגען!״ (אַנטלויפֿט).

סוזי (מיטן קאָפּ אַרונטערגעבויגן): פֿאַרגיב מיר, סעם! זיי מיר מוחל! . . . איך שווער דיר ביי גאָט, איך בלייב דאָ . . . דיינע אויף אייביק . . .

סעם (מאַכט אַוועק מיט דער האַנט): ניין, ניין, דאָס ניט! דאָס קען איך ניט !. . .

ביידע שפּילער: זיי איר מוחל, סעם! יעדער מענטש באַגייט אַמאָל אין לעבן אַ פֿעלער... (זיי פֿירן איר צו צו סעמען, אויף זיין געזיכט באַווייזט זיך אַ שמייכל).

סעם: איך בין דיר מוחל! אומאַרם מיך, דו פֿאַלשע אומטרייע קאַנאַליע! . . . (פֿריילעכע סצענע).

## „פייערן" אַ בוקקיפּערן ! . . .

נאָכדעם וואָס מיסטער געלמאַן האָט אָפּגעגעסן סאָפּער, האָט ער פאַרדויכערט אַ גראָבן סיגאַר, זיך אויסגעשטרעקט אויף דער סאָפע און צו זיין ווייב זיך מיט פאָלגנדע ווערטער געווענדט: —

— ווייסט, רייטשעל, אויף שבת וועט אונדזער בוקקיפּערן „גע־פייערט" ווערן! . . .

— אָבער וואָרום? — האָט זיין פרוי, אַ נייגעריקע, געפרעגט— „פייערן" די בוקקיפּערן, וועלכע אַרבעט ביי דיר שוין איבער 10 יאָר? איך דענק, דאָס איז אַ נאַרישקייט און וועסט עס שפּעטער בעריייען!...

— איך מוז עס אָבער טאָן! — האָט מיסטער געלמאַן ווידער געזאָגט, ציענדיק דעם רויך פון זיין סיגאַר — די ביכער זשימזשען מיט מיסטייקס! זי, די בוקקיפּערן, איז שוין ניט די, וואָס געוועזן!... זי איז פאַרליבט אין אונדזער סעילסמאַן דזשאָו און אַ גאַנצן טאָג רעדט מען פון ניט עפּעס אַנדערש, ווי בעלער, קאָנצערטן... מען שושקעט זיך . . . נאָסער! איך מוז זי „פייערן"! און דאַצאָל! . . .

— ניין, דאָס וועסטו ניט טאָן! — האָט מיסעס געלמאַן מיט אַ העכערן טאָן געענטפערט — דאָס וועט ניט געשען, ווייל, פאַרשטייסט אַז עס פּאַסט אפילו ניט נאָכדעם וואָס אַ מיידל אַרבעט ביי דיר 10 יאָר סטרייט!...

ביי דיזע ווערטער האָט זיך געעפנט די טיר און סיידע, די בוק־קיפּערן, האָט מיט אַ שמייכל באַגריסט מיסעס און מיסטער געלמאַן, זאָגנדיק: — גוד איווינינג! אַנטשולדיקט, וואָס איך שטער אייך אַזוי שפּעט אין אָוונט! איך בין אָבער זיכער, עס וועט אייך זייער אָנגענעם זיין צו הערן: איך גיי הייראַטן!... (האָט סיידי, ווי אַ שעמעוודיקע, געזאָגט).

מיסעס און מיסטער געלמאַן האָבן איר גראַטולירט און סיידי האָט פאָרטגעזעצט:—איך וועל זיין די גליקלעכסטע פרוי פון דזשאָו, אייער

סיילסמאַן! . . . און, נאַטירלעך, איך וועל פאַרלאָזן די שטעלע, מיס־טער געלמאַן, דיזען שבת פאַרנאַכט . . .

ביי דיזע ווערטער איז שוין מיסעס געלמאַן געפאַלן אין חלשות און געשריען: וואַסער! וואַסער! . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איר ווילט דאָך וויסן, מסתמא, ווארום מיסעס געלמאַן האָט גע־חלשט? האָ? הערט זשע אויס: — דזשאָו, דער סיילסמאַן, איז געווען מיסעס געלמאַנס אַן אַלטער געליבטער . . .

# צוליב דער „פלו"

ער איז נאָך אַ יונגער דאָקטאָר, וועלכער האָט ניט לאַנג צוריק געענדיקט זיין שטודיום און באַקומען דעם דיפּלאָם מיט 2 וואָכן בעפאָר עס האָט אָנגעפאַנגען בושעווען די „שפּאַנישע אינפלוענציע".

ווען ביי אונדז אין באַלטימאָר האָט די „פלו" געהערשט מיט איר גרויזאַמער מאַכט און „אַוועקגעקאָסעט" פיל נפשות, זיינען די איינוואוינער געווען פאַרצווייפלט; עס האָבן געפעלט דאָקטוירים צו באַקעמפן די מגפה און כמעט אַלע דאָקטוירים זיינען געווען „ביזי" טאָג און נאַכט. געמאַכט געלט ווי בלאָטע, וואָרום ווער האָט עס גע־קערט פאַר געלט, אַז דער מלאך המות האָט געקיצלט אונטער די פּלייצעס? . . .

און איצט ווילן מיר ריידן בנוגע דעם אויבנדערמאָנטן „דאָק", וועלכער איז „אָקאָרשט" אַרויס פון „קאָלעדזש".

אָט דער דאָזיקער „דאָק" איז אויפגעריכט געוואָרן און אַנומלט האָט ער זיינע עלטערן געשריבן אַ בריוו קיין יוראָפּ, וועלכער האָט זיך געלעזט ווי פאָלגט:

ליבע עלטערן, זייט וויסן, אַז איך האָב מיין שטודיום געענדיקט און בין שוין אַ דאָקטאָר מיט אַלע קליפּערלעך. איך בין געוואָרן אַ גביר אין אַ קורצער צייט, זיך געקויפט אַ גרויסן אָטאָמאָביל. הכלל, איך בין, הלוואי אויף אייך געזאָגט געוואָרן, „אָל־ראַיט" און דאָס האָב איך צו פאַרדאַנקען איר, דער „פלו" . . .

ווען דעם יונגן דאָקטאָרס עלטערן האָבן דעם בריוו איבערגעלעזן, האָבן זיי ממש געוויינט פאַר נחת.

ס'אַקליינינקייט — שוין געוואָרן אַ דאָקטאָר און געוואָרן אַ רייכער מאַן אויך . . . ער האָט, מסתמא, געמוזט היראַטן, וואָס ער איז רייך געוואָרן מיט איר, מיט דער „פלו". האָט די אַלטע מאַמע געשאָקלט מיטן קאָפּ פאַר פרייד, און אין דעם זעלבן טאָג האָט דער טאַטע, דעם דאָקטאָרס פאָטער, אים געענטפערט אין אַ בריוו מיט פאָלגנדע ווערטער:

— מיין ליבער זון און דאָקטאָר : —

דיין בריוו האָט אונדז פיל גליק פאַרשאַפט, לייענענדיק די נייעס, אַז דו ביסט שוין געוואָרן אַ מענטש, אַ דאָקטאָר הייסט עס, און אַז דו ביסט דורך איר, דורך דער „פלו", רייך געוואָרן. גאָט זאָל העלפן, זאָלסט זיך מיט איר עלטערן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. פון אונדז, דיינע טרייע עלטערן, וואָס ווינטשן דיך זען גליקלעך מיט דיין באַשערטער „פלו" ! ! !

# אַ חלום

געווען איז דאָס אין אַ הייסן זומער טאָג אין דזשון. די זון האָט געברענט און האָט כמעט אַלע איינוואוינער פון שטאָט אַרויס־געטריבן אין די פּאַרקס. איך בין געזעסן אויסגעצויגן אויף אַ באַנק אין פּאַרק פונקט אַנטקעגן וואַסער און מיט גרויס אינטערעס געקוקט צו די קינדער, וועלכע האָבן מיט באַרוועסע פיסלעך זיך געשפּילט אין טייך.

איך בין איינגעשלאָפן! חלומט זיך מיר אַזאַ מעשה: פאַרליבט זיך אין מיר אַ מיידל, זי הייסט „ערנעסטינאַ". שיין איז זי ווי אַ „דאָל". שטעלט איך פאָר: אַ פּאָר שוואַרצע, טייוולשע אויגן; פּערל־ציין; אַ ווייס פּנים ווי שניי; פּייערדיקע באַקן; אָפּגעטאָקטע גלידער; שוואַרצע צעפּ; קליינע פיסלעך; און אַ דינע, שיינע טאַליע.

אין דער דאָזיקער ערנעסטינע בין איך פאַרליבט! . . . שטאַרק פאַרליבט! איך האָב זיך איר דערקלערט אין ליבע. אָך, „גודנעס גריישיוס" — זי ענטפערט מיר מיט ליבע! . . .

אָט נעם איך זי אַרום ביי דער טאַליע! בראַוואָ! דעם ערשטן קוש!... דעם צווייטן, א. אַ. וו. . . .

— ווילט איר מיט מיר חתונה האָבן?

— יעס! ענטפערט מיין געטלעכע געליבטע.

— ווילט איר זיין מיינע?

— יעס! — ענטפערט זי ווידער.

— וועט איר מיט מיר אַנטלויפן אין עק וועלט אַריין?

— שור! אַ יאָלד פרעגט אַזעלכע נאַרישע פראַגן.

איך בין געוואָרן אַנטציקט פון אירע ענטפערס. אַזאַ גליק! אַזאַ גליק!

אָט פאָרן מיר שוין אויף אַ „האָני מון טריפּ" . . .

איך מיט מיין געליבטע פאָרן אין אַן עקספּרעס טריין. מיר זיצןביידע צוזאַמען. מיין געליבטע האָט זיך צו מיר צוגעטוליעט.

וואָלט זיך מיר דאָס גאַנצע לעבן נאָר געהאַלטן אין חלומען, וואָלט מיר שוין אויף אַן אמת גוט געווען.

# אַ רומענישע פּיעסע אין ניו יאָרק

באַקאַנט האָב איך זיך אין ניו יאָרק מיט אַ חברה יונגעלייט סאַ־מע לעבע יונגען. איך בין דעמאָלט 21 יאָר אַלט געווען — איינער אַ אינטעליגענטער יונגערמאַן — זיין נאָמען איז געווען מאַקס, איז צו מיר צוגעשטאַנען אויפצופירן אַ פּיעסע און גראָד אַ רומענישע פּיעסע, מיר זאָלן שפּילן אַ רומענישע פּיעסע אין דער רומענישער שפּראַך!

דער פּלאַן איז מיר געפעלן געוואָרן — און מיר מיט נאָך אַ גרופּע יידישע יונגעלייט און מיידלעך האָבן זיך גענומען פלייסיק שטודירן אונדזערע ראָלן!

זאָגט צו מיר מעקס איבערהעמס: — דו זאָלסט שפּילן די ראָלע פון אַ דאָקטאָר!

אַ דאָקטאָר? האָב איך זיך פאַרוואונדערט, ס'איז אַן איינשטעלונג — ס'איז אַ ריזיקע פאַר מיר, מעקס האָב איך געענטפערט, מעגלעך אַז אין מיר פליסט אַביסעלע טאַלאַנט, אָבער איך האָב מורא די פאַר־אַנטוואָרטלעכע ראָלע צו אונטערנעמען!

איך וועל בעסער שפּילן די ראָלע פון דעם ליבהאָבער — אָדער פון דעם דיענער — די ראָלע פון דאָקטאָר לאָבלין איז אַביסל צו שווער און צו פרי פאַר מיר אויפצוטרעטן פאַר דאָס ערשטע מאָל אין אַזאַ שווערע און קאָמפּליצירטע ראָלע!

ס'האָט ניט געהאָלפן קיין טענות — איך האָב געמוזט שטודירן די ראָלע פון דעם דאָקטאָר — און אין אַ פּאָר וואָכן אַרום זיינען מיר געווען פאַרטיג אָנצופאַנגען מאַכן די פּראָבן פון דער רומענישער פּיעסע!

„פּאָוסטערס" האָבן מיר געקלעפּט אין אַלע ווינקעלעך פון ניו־יאָרק — און די רומענישע לאַנדסלייט האָבן די גרויסע נייעס אויפגע־נומען מיט גרויס פרייד! — אַ קליינינקייט רומעניש טעאַטער אין ניו־יאָרק — און יעדער האָט זיך געאיילט און זיך באַזאָרגט מיט בילעטן און אונגעדולדיג געוואַרט אויף דעם גליקלעכן אָוונט, ווען די פאַר־שטעלונג וועט פאַרקומען!...

וואָכן זיינען פאַראיבער און דער באַשטימטער אָוונט האָט זיך אונטערגערוקט און מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין אַ האָל אויף דער 4טער סטריט נעבן סעקאָנד עוועניו.

8 אַזייגער און דער האָל איז שוין געווען געפּאַקט מיט פרויען, מענער און קינדער! די מוזיק האָט דערוייל דעם ווערטהען פּובליקום אַמוזירט מיט רומענישע מוזיק און געגעבן דעם אָוונט אַן איינדרוק פון אַן עכט רומענישן — רומעניש טעאַטער — רומענישע מוזיק — אַ רומענישער עולם!

דער פאַרהאַנג גייט אויף און מיר פאַנגען אָן שפּילן די רומענישע פּיעסע!

און איצט הערט וואָס אויף דער ביהנע איז פאָרגעקומען: —

אַ יידישע פרוי האָט פאַרלאָזט איר מאַן און איר איינציק קינד אין וויגעלע און האָט חתונה געהאַט מיט איר געליבטן אַן אַדוואָקאַט, אַ קריסט! . . .

יאָרן זיינען אַוועק און דאָס איבערגעלאָזטע קינד פון דער יידישער מאַמען איז גרויס געוואָרן — אַלס אַ יתום אָן אַ מאַמען און אָן אַ פאַטער האָט ער זיך אויפגעהאָדעוועט ביי זיין אָנקל דעם יידישן דאָקטאר (די ראָלע פון יידישן דאָקטאַר האָב איך געשפּילט). אין דער אָרקעסטער איז געזעסן אַ יידענע און מיט אויפמערקזאַם זיך גוט איינגעקוקט צו דער ביהנע וואָס עס גייט פאָר . . .

פּלוצים מאַכט זי אויס אין אַ געשריי! געוואַלד! ס׳איז מיר הייס — מיך שטיקט — וואַסער! וואַסער! מענטשן זיינען צו צו איר, הילף געבן און ווען די פרוי איז צו זיך געקומען, האָט זי מיט ציטערנדע ליפּן געזאָגט: — לאָזט מיך שנעל אַהיים גיין!

וואָרום זאָלט איר יעצט אַ היים גיין? וואַרט אויס ביז די פּיעסע וועט זיך ענדיגן, האָט מען איר איינגערעדט —

— ניין! איך האָב מורא עס וועט זיין צו שפּעט, האָט דאָס ווייבל האַסטיג אַ זאָג געטאָן! . . .

צו שפּעט? האָבן זיך אַלע געוואונדערט, אפשר רופן אַ דאָקטאר? געוואלד! אַ דאָקטאר! אַ דאָקטאר!

איך אויף דער ביהנע אין דער ראָלע פון דעם דאָקטאָר בין אַרונטערגעשפרונגען אויפן פלאָר און צו צו דער יידענע! ווען איך האָב געפרעגט וואָס מיט דער פרוי איז דער מעהר? האָט מען מיר געזאָגט: — שוין צו שפּעט זייט איר געקומען!

די פרוי האָט מיט מזל אַ צווילינג געבוירן. — מען האָט איר מזל טוב אָפּגעגעבן און מיר האָבן פאַרטגעזעצט דאָס שפּילן!

# דער ערפינדער

געקומען איז ער קיין אַמעריקא מיט דעם געדאַנק צו ערייכן אַ ציל אין לעבן, צו אַ גרעסערן אידעאַל. אַרבעטן אין אַ שאַפּ איז פאַר אים געווען כמעט ווי אַ אורטייל און דאַרום האָט ער די אַרבעט ביי זיין פאַך אוועקגעוואָרפן און געשטרעבט צו ווערן אַן ערפינדער.

מיין לאַנדסמאַן איז אימער געזעסן און שטודירט איבער פאַרשי־דענע טעכנישע זאַכן און פלעגט צייטנווייז אריינפאַלן אין אַ טיפן געדאַנק בנוגע עפּעס צו „אינווענטן״.

איך האָב מיין אויבנדערמאָנטן לאַנדסמאַן איינמאָל באַגעגנט אין גאַס און אים געוואָלט אפּשטעלן, אָבער ער האָט מיט שנעלע טריט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער איז זייער פאַרנומען. אָבער איך האָב אים דאָך אויף עטליכע מינוטן אבגעשטעלט און ער האָט מיט גרויס ענטוזיאַזם ערקלערט אַז זיין „אינווענציע״ איז שוין פאַרטיג.

— נישקשה, באַיעלע — האָט ער מיר געקלאַפּט איבער דער פּלייצע, — באַלד, באַלד וועל איך דיר קלאַפּן אין פענצטער און זאָגן:

— קום און זעץ זיך אַרויף אין... מיר וועלן פליען... און אין מיין לאַנדסמאַנס אייגן האָט זיך באַוויזן גרויס באַגייסטערונג.

פון וואָס און ווי אַזוי באַשטייט דיין אינווענציע האָב איך אים געפרעגט?

— אַ מאָדנע אַפּאַראַט! גיט מיין פריינד אַ מאַך — אַ מאַשינקע מיט וועלכער מען קען פליען טויזענטער מיילן, אַן געזאָלין!

— אָן געזאָלין? האָב איך זיך געוואונדערט...

— שור! מיין מאַשינקע איז נאָך ניט פאַרטיק, אָבער עס וועט ניט נעמען לאַנג און אַלע צייטונגען וועלן איבער מיר שרייבן!

— דאָ איז מיין פריינד שטיל געבליבן און געמאַכט אַ זויערע מינע, איך האָב אים מיט נייגעריקייט אָבגעמאָסטן און ער האָט פאַרגעזעצט:

— באַלד, באַלד וועט מיין מאַשינקע פאַרטיק ווערן און איך וועל

ווערן אַ העלד אָבער איך גויטיק זיך אין אַ 3 טויזענד דאָלאר מיין מאַכערייקע צו פּאַרפּערטיקען...

איך האָב זיך שטאַרק צעלאַכט און געזאָגט: — גע זיך! גע, דו האָסט קיין צייט איצט! דו מוזט פארפּארטיקן דיין מאַשינקע.

— — — — — — — — — — — — — — —

מיט עטלעכע מאָנאַטן שפּעטער האָב איך געלעזן אין די צייטונגען פאָלגנדעס: — דער בארימטער ערפינדער פון דער פלי מאַשינקע אָן געזאָלין איז שרעקלעך פארוואונדעט געווארן אַרונטערפאלענדיק 1500 פוס פון דער לופטן...

# די טראַגעדיע פון אַ קאָמעדיע

די גאַנצע שטאָט האָט אומגעדולד געוואַרט פאַר דער דערעפנונג פון דעם נייעם טעאַטער „ריוואלי". אין יענעם אָוונט איז דאָס נייע טעאַטער געווען געפּאַקט מיט מענטשן. דאָס נייע טעאַטער האָט פאַר־באַרייטעט אַ היבשן פּראָגראַם פאַר יענעם אָוונט: די בעסטע אַקטיאָרן האָבן געשפּילט „וואָדעוויל". די סטאַריכע אַ זעלטענע שענהייט האָט געהייסן „מיס טוצי". זי האָט פיל אויסגענומען ביים פּובליקום מיט איר וואונדערבארן שפּילן, זינגען און טאַנצן. אַך האָט זי געטאַנצט!

אַזוי ווי מיר זיינען געקומען אין קאָנטאַקט מיט דער דאָזיגער באַרימטער שענהייט „מיס טוצי", מוזן מיר על פּי יושר וועגן איר עפּעס שילדערן. נאָר איידער מיר גייען איבער איר רעדן, בעטן מיר אונדזערע ווערטע לעזער זיך ניט „רויטלען" און זיך האַלטן אין אַר־דער, ווייל מיר מוזן אָנגיין מיט אונדזער מעשה.

אין דעם שענעם „ריוואלי טעאַטער" אין דער לאַזשע איז געזעסן אַ רייכער מאַנופעקטשורער, וועלכער האָט זיך שטערבלעך פאַרליבט אין דער „מיס טוצי". ביים ארויסגאַנג האָט ער זי שוין אָפּגעוואַרט און איר געבעטן מיט אים נעמען אַ רייד מיט זיין „מאַשין" און אויך גייען עסן סאַפּער צוזאַמען.

אָבער פאַרפאַרן זיינען זיי צו דער שענער אַקטריסע אַהיים וועלכע וואוינט ווי אַ גרעפין אין אַ שענעם אַפּאַרטמענט. אונזער רייכן מאַנו־פעקטשורער איז וואויל געגאַנגען אין יענעם אָוונט און ער האָט געשעפּט נחת פון זיין געליבטע שענע אַקטריסע. זי ווידער האָט מיט נאַאיוויטעט זיך געלאָזט פון איר „ראַמעאָ" קושן און גלעטן. אין צווייטע טאָג האָבן די צייטונגען געשריבן איבער דער „אַוואַנטורע" מיט דעם רייכן מאַן און דער שענער מיס טוצי. אַן אויפגערעקטער איז ער ארומגעלאָפן אין אַלע רעדאַקציעס און זיך געבעטן מען זאָל סטאַפּן שרייבן איבער דער אָנגעלעגענהייט.

„גוואלד ראטעוועט מיך!" האָט ער זיך געבייזערט. „איך בין אַ פאָטער פון קינדער, האָב דערוואַקסענע טעכטער. ס'איז מיר אַ שאַנדע!"... פליז רעטעט מיך!...א.ז.וו.

ווי אַ צעדולטער איז אונדזער רייכער מאַנופעקטשורער אַרומגע־לאָפן און וואו ערגעץ אַ שרייבער פון אַ צייטונג, וואו ערגעץ אַ רעדאַק־ציע, האָט ער געגעבן גוטע טיפּס, מען זאָל ניט שרייבן מער וועגן אים מיט דער שיינער „מיס טוצי".

— איך ווייס ניט ווי אזוי ער האָט ערפארן פון מיר אז איך בין אויך אַ שטיקל שרייבער. אין אַ טאָג גאַנץ פרי, בשעת איך בין געזעסן ביים פרישטיק, הער איך קלאַפּן אין טיר.

ווער דענקט איר איז עס געוועזן? דער רייכער מאַנופעקטשורער!

— פליז מיסטער קליין, האָט ער זיך ביי מיר געבעטן — איך האָב געהערט איר זייט אַ שרייבער, איר שרייבט אין צייטונגען און צו אייך בין איך געקומען מיט אַ בקשה.

— נעוואר מיינד!—האָב איך אים אונטערגעכאַפּט. — איך ווייס. שרעקט אייך ניט! איך וועל וועגן אייך ניט שרייבן. איך בין בלויז אַ הומאָריסט. הומאָריסטן שרייבן ניט איבער טראַגעדיעס!

ער האָט מיר דערלאַנגט אַ צענערל און איז אַ צופרידענער פון מיר אַוועק!

# גוואַלד! אַרעסטירט מיך!

דער זייגער האָט שוין געשלאָגן 8 און איך בין נאָך געלעגן אין בעט.

— שטיי אויף, משה יאָסיל, זאָגט צו מיר מיין יידענע, און גיי זוך אַ דזשאָב.

בין איך אויפגעשטאַנען, זיך אָרומגעוואַשן, אַרונטערגעגאַנגען אין סטריט, געקויפט אַ פּייפּער און געגאַנגען זוכן אַ דזשאָב.

— צו שפּעט! — זאָגט מען מיר.

צום טייוול! ניטאָ קיין מזל, כאָטש שריי חי וקים. בין איך שוין אַן ענטוישטער אַוועק אין פּאַרק, זיך אויסגעשטרעקט אויף אַ באַנק און ווייטער געמישט די בלעטער פון דער צייטונג.

פּלוצים פאַלט מיר איין אַ געדאַנק. אַט וואָס:

איך, אַ שוואַך, מענטשעלע, מוז שווער און ביטער אַרבעטן צו דערנערן אַ פאַמיליע, אַ פרוי מיט 5 קינדער און דערצו ליגט נאָך אויף מיין קאַרק אַן אַלטע בייזע שוויגער.

ווי אַזוי זשע ווערט מען פון דעם יאָך פּטור?

איך וועל באַגיין אַ פאַרברעכן אום מען זאָל מיר אַרעסטירן. דאָרט אין פּריזאָן וועל איך שוין פון קיין פּרנסה ניט דאַרפן זאָרגן; דאָרט וועל איך שוין פאַרזאָגט ווערן, כאָטש אויף אַ ווילע, מיט עסן, קליידער און אַ רום.

איך האָב גענומען טאַנצן אויפן גראָז, איז צו מיר צו אַ פּאָליסמאַן און זיך אויף מיר געבייזערט מחמת ס'איז פאַרבאָטן.

האָב איך אים געהערט ווי דעם קאָטער און ווייטער געטראָטן אויפן שענעם גראָז פון פּאַרק.

האָט ער מיר אָנגעכאַפּט ביים קאַרק און מיר גלייך אין סטיישאָן־הויז אָפּגעפירט.

דער דזשאַדזש האָט מיר אויסגע'מוסר'ט און מיר אָנגעזאָגט דאָס צווייטע מאָל אַזוי ניט טאָן, און איך בין באַפרייט געוואָרן.

איך בין פון דאָרט אַוועק און געצויגן מיט די אַקסלען, און זיך געטראַכט: אפילו אַרעסטירט צו ווערן האָב איך אויך קיין מזל.

פאַלט מיר איין אַן אַנדער געדאַנק:

איך שטעל אָפּ אַ טעקסי און הייס זיך צופירן אין בראָנקס פּאַרק. אָנגעקומען אין בראָנקס פּאַרק, הייסט דער שאָפער זיך באַצאָלן דריי דאָלאַר מיט פופציק סענט. זאָג איך צו אים: קיין געלט האָב איך ביי זיך ניט, און אַז דו ווילסט קענסטו מיר לאָזן אַרעסטן.

גלויבט ער מיר ניט און קוקט מיר אָן ווי אַ משוגע׳נעם און גייט צו צו מיר און זוכט אין מיינע קעשענעס.

ניטאָ אפילו אַ ניקל אויף קאַר־פעיר. שטרעקט ער מיר אויס צוויי קלינגענדע פּעטש און זאָגט: „יו ביג פּייקער"!

ער האָט אויסגעדרייט זיין מאַשין און איז פאַרשוואונדן.

איצט שטיי איך און קלער: איך וואוין דאַון טאַון, און איצט בלייבט מיר אויס צו גיין אַהיים צו פוס.

ניטאָ קיין מזל אידן! ניטאָ קיין מזל!

# העלא לאַנדסמאַן

איך האָב שפּאַצירט איינער אַליין אין אַ זונטיק נאָכמיטאָג אין פּאַרק. אין שטאָט איז געווען דושנע, עס האָט געשטיקט, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ שיינעם פּאַרק וואו די לופט איז אַזוי פריש און ריין! מיד בין איך געווען האָב איך זיך אַוועגעזעצט אויף אַ באנק אביסל אָפּרוען פּונקט אַנטקעגן דעם טייך וואו עס זיינען ארומגעשוואומען קאַטשקעס און האָבן זייערע שנאָבלס איינגעטונקען אין דעם קלאָר וואַסערל.

האָב איך זיך דערמאָנט אז אין פּארק איז פאראן אן אליי, וואו מען קען מיט באַקוועמליכקייט שפּאצירן. האָב זיך אַהין אַוועגעלאָזט.

אָפּגייענדיק אַ שטרעקע, גיט מיר איינער אַ קלאַפּ אין פּלייצע און שרייט אויס „העלאָו לאַנדסמאַן!” זאָג איך העלאָו און באַטראַכט דעם פּארשוין און ווייס ניט ווער ער איז, און הויב ניט אפילו אָן צו געדענקן וואו און ווען איך האָב אים אַמאָל געזען!...

דער לאַנדסמאַן שמייכלט, און מיט פאַרוואונדעטע בליקן שמייכל איך אויך און ער דער לאנדסמאן רופט ענדליך אויס: וואָס זשע דערקענסט מיר גאָר ניט?

— ניין!!!

— עט, מאַך זיך ניט נאַריש, דערקענסט מיך שוין גאָר!!

איך שווייג.

— האָסט מיר קיינמאָל ניט געזען?...

— באַלד ווערסטו זיך דערמאָנען אַז דו קענסט מיך יאָ!! — מאַכט צו מיר דער לאַנדסמאַן און כאַפּט מיר אָן ביי אַ קנעפּל פון ראָק!...

דאָ בין איך שוין געווארן פאַרדעכטיק און מורא געהאַט אפשר איז דאָס גאָר אַ „האַלד אַפּניק” און ביי מיר האָט זיך אין פּאַקעט געפונען עטליכע הונדערט דאָלאר פון דעם שבת ביינאַכטיקער ביזנעס־איינגאמע, און דאַן מיין וואַטש און טשיין און מיין דיימאַנד רינג, און מיין בריליאַנטינע שפּילקע, אַט די אַלע זאַכן אויסרעכענען מיינט אַ

פאַרמעגן און דאַ אַליין אין פּאַרק! געוואַלד שרייען „פּאָליס" אָבער וואָרום דאָס טאָן אַז איך האָב קיין גרונט געהאַט און דאַן פּשוט פאַרשעמען אַ מענטשען!... ווען איך האָב אביסל מער מוט געקראָגן האָב איך צו מיין לאַנדסמאַן געזאָגט:

— מיסטער פליז לאָזט מיר אָפּ! איך קען אייך ניט! איך בין קיינמאָל ניט געווען אין גאַליציע! איר מאַכט מסתמא אַ „מיסטייק" פאַראַן מענטשן וואָס זיינען זייער ענלעך, אָבער איך בין גאָר אַ רומע־נישער, בין שוין אין אַמעריקא אַ היבש בינטל יאָרן...

— טאָ וויסטו וואָס? רופט ער זיך אָן, ליי מיר עטליכע דאָלער, אפשר וואָלגערט זיך ביי דיר אין קעשענע אַ צענערל? איך וועל דיר אָפּגעבן! איך שווער איך וועל דיר אָפּגעבן!

האָב שוין ניט איינמאָל געליען און ס'איז געוואָרן פאַרפאַלן, זאָג איך.

דער „לאַנדסמאַן" כאַפּט אונטער: וועל, דאַמאָלט האָב איך גראָד ניט געהאַט דיר אָפּצוגעבן, אָבער, דאָס מאָל אַזוי שנעל איך שטעל זיך ארבעטן וועל איך דיר אָפּגעבן...

ווען איך האָב דערהערט די דאָזיגע ווערטער, האָב איך ערשט געזען אַז דער מאַן איז מיר טאַקע אין גאנצן אומבאַקענט, וואָרום איך האָב אים און קיינעם ניט געליען געלט, האָב איך בלויז אַזוי געזאָגט זיך פון אים אויסדרייען, ענדלעך איז מיר געלונגען און ער האָט זיך פון מיר אָפּגערוקט!...

ווען איך בין אַ היים געקומען, דערצעל איך מיין ראָזען די גאַנצע געשיכטע. זי קוקט מיר אָן פאַרוואונדערט און איך באַמערק ווי זי ווערט אלע קאָלירן.

— וואָס איז דער מער?

— גיב נור אַ קוק, וואו איז דיין שפּילקע? וואו איז דיין וואַטש און טשיין? וואו איז דיין רינג???

אַנטאַפּנדיק מיינע פּאַקעטס האָב איך פאַרשטאַנען אַז מיין געלד איז אויך ניטאָ!... אַזאַ לאַנדסמאַן בין איך שוין אייך מוחל!...

## צוריק פון ניו יאָרק ! . . .

(אויף אַ איטאַליענער חתונה)

ניט לאַנג צוריק בין איך צוריקגעקומען פון „שמעלץ טאָפּ", פון ניו־יאָרק, וואו איך האָב דאָרט פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין רוישנדן טומל, האָב מיט צופרידנהייט אָפּגעאָטעמט זיך זעענדיק אין דער באַן, צוריקפאָרנדיק קיין באַלטימאָר די שטילע ברודער־ליבלעכע שטאָט!...

ווען איך בין ענדליך אָנגעקומען אין „יוניאָן סטיישאָן, בין איך אַרויס אין סטריט און גענומען וואַרטן אויף אַ קאַר.

לאַנגזאַם, לאַנגזאַם האָט זיך געשלעפּט די באַלטימאָרער קאַר, און איר מוזט וואַרטן ביז אייער געדולד פּלאַצט !

„גזלנים !" האָב איך אונטער די ליפּן געמורמעלט, טראַכטנדיק צו דער קאַר קאָמפּאַני, — „איר ווילט 10 סענט קאַרפעיר ? טאָ גיט אונדז סוירוויס !... גיט אונדז סוירוויס, איר ברייט פּלייציקע, גראָב בייכיקע, רויט קאַרקיקע הויטשינדיקע מאַגנאַטן !... איר וואוינט אייך אין „סטים היט" פּאַלאַצן מיט אימפּרואוומענטס" ! . . .

זעענדיק אַז די קאַר אָדער, בעסער געזאָגט, דער פּראָווינץ שלעפּעדיקער וואָגן רוקט זיך נאָך אַלץ ניט אָן, האָב איך גענומען „וואָקן", פון סטיישאָן ביז צו מיר אַהיים איז אַ היבשער מהלך! האָב איך שוין אומגעדולדיק געוואָלט אַהיימגיין זיך זען מיט מיין ווייבל און קינדער.

אָפּגייענדיק עטלעכע בלאָק, האָב איך געהערט שפּילן מוזיק, האָב זיך אָפּגעשטעלט און איינגעהערט די הימלישע מעלאָדיען וועלכע האָבן געוועקט מיינע געפילן ! . . .

— וואָס איז דאָרט אַזוי די שמחה געוועזן ?

— אַ חתונה ! אַן איטאַליענישע ! . . .

— אויב אַ איטאַליענישע חתונה איז דאָך דאָרט מסתמא פאַראַן וויין און אַזוי ווי איך האָלט שטאַרק פון וויין, בין איך אויך דאָרט אַריין.

די מחותנים זענען כמעט אַלע געווען פארשיכורט און זיך געוואַל־גערט אונטער די טישן!

הונגעריק און מיד בין איך האָב איך זיך אויך אַוועקגעזעצט ביי אַ געדעקטן טיש אויף וועלכן עס זיינען געווען פארשידענע איטאַלענישע געריכטן. אַ מחותן איז צו מיר צוגעקומען און מיר געהייסען עסן אַ טעלער „ספּאַגעדי״ האָב זיך געהייסן ברייגגען אַ קריגל ווייַן און ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן, האָבן זיי מיר געהייסן זינגען. סטייטש, איך קען דען זינגען?

„ס'ט מוזען!״ האָט צו מיר אַ איטאַליענער געזאָגט, — האָסט אַ בעסער שטימע ווי „קאַרוזאָ״, אַ דיקער איטאַליענער איז שוין געשטאַנען נעבען מיר מיט אַ מעסער אין האַנד. ער איז געווען הויך אין געוואוקס מיט גראָבע וואָנצן, קענטיק אַ באַנאַנאַ הענדלער, ער האָט צו מיר געשריען: זינג אדער דיין לעבן!...

וואָס זינגט מען? האָב איך זיך געטראַכט, קיין שטימע האָב איך ניט און דאָ בין איך אַריינגעפאַלן צו אַ באַנדע „פּיראַטן״, ענדליך איז מיר אין געדאַנק געקומען און געטראַכט וואָס עס וועט זיין, איך האָב גענומען זינגען:

„לא דאָנאַ ע מאָבילע!״ . . . פון דער אפערא „ריגאָלעטאָ״.

צו איך האָב געמאַכט אַ סוקסעס, דאָס בין איך שוין מוחל, אזוי פיל געדענק איך אַז בשעת זינגען האָבן מיינע ציין געציטערט...

שפּעטער איז מיר געלונגען פון אָט דער באַנדע שיכורים זיך אַרויסדרעען, איך בין אַריין אין אַ דערבייאיק צימער וואו אַ שענע מיידל איז געזעסן און געוויינט. זי איז געווען אַ גרינע און מען האָט זי געצוואונגען צו הייראַטן אַ מאַן וועלכן זי האָסט. איך האָב צו איר גערעדט אין דער רומענישער שפּראַך, וועלכע איז ענליך צו דער איטאַליענישער.

— סינאָר! האָט זי צו מיר געזאָגט, רעטע מיך פון דאַנען, העלף מיר פון דאַנען אַנטלויפן.

איך האָב איר פאָרגעשלאָגן זיך בייטן מיט מיינע קליידער, דאָס הייסט איך זאָל אָנטאָן אירע קליידער און זי מיינע און מיט דער הילף איז זי אַנטלאָפן. איך האָב זיך געפרייט וואָס איך האָב געהאָט אַ

גוטן איינפאַל צו רעטן אַ אונשולדיק מיידל פון באַרבאַרישע הענד !...

מען האָט געקלאַפּט אין טיר און דער חתן איז אַריין שיכור און מיך גענומען קושען מיינענדיק אַז איך בין די כלה !... איך האָב געוואָלט אַנטלויפן, זיך פון זיינע הענט אַרויסרייסן, נאָר וואו לויפט מען ? מען וועט דאָך אַן מיין שטימע וויסן אַז איך בין ניט אַ פרוי, אַז איך בין גאָר אַ מאַן אין פרויען קליידער ??

גיי גלויב אַזעלכע זאַכן אַז די גאַנצע מעשה איז גאָר געווען אַ חלום !...

# טוצי!...

— ווער „טוצי" איז פרעגט איר? אויב איר וועט ווען באַגעגענען אַ יונגע מיידל מיט געטאָקטע גלידער; פערל ציין; שוואַרצע זיידענע האָר און אַ פּאָר פייערדיקע אויגען וואָס צוגליהען זיך ווי די זון אין מאָנאַט דזשון זאָלט איר וויסן אַז דאָס איז די שענע „טוצי". — און אויב איר ווילט קענט איר די דאָזיגע טוצי פאַרגלייכן צו אַ „זשאַקאַנדאַ" צו אַ „דזשוליעטאַ", צו אַ פּרינצעסין און צו אַ מלכה! — — אָך! איז די דאָזיגע טוצי שיין!... זי בליט ווי אַ רויז אין מאָנאַט מאַי! זי שמייכלט צו אייך און עס באַווייזן זיך אירע פּערל ציין; און אין דיזן מאָמענט וואָלט זיך אייך ווען ווערן אַ דענטיסט און איר ווינשט אייך אַז טוצין זאָל אָנכאַפּן אַ צאָן ווייטאָק און איר זאָלט איר אירע שמערצן לינדערן!... מיט איין וואָרט „טוצי" באַזיצט אַ צויבער רייץ צו אַ מאַנסבילשן געפיל! „טוצי" לאָזט אייך ניט שלאָפן! טוצי באַזעצט אין אייערע געדאַנקען זינדיקע מחשבות!...

און איצט אַז איך האָב אייך שוין „טוצין" פאָרגעשטעלט, וועל איך אייך דערצעלן אַ פּיקאַנטע מעשה: —

פאַרגלוסט זיך טוצי צו ווערן אַן אָפּערע זינגערין; אַ גרויסער מוזיקער האָט באַמערקט אַז זי באַזיצט אַ זעלטענעם טאַלאַנט צו מוזיק! ווערט טוצי באַגייסטערט און שטרעבט צו אַ קאַריערע צו ווערן אַ גרויסע אָפּעראַ זינגערין?

— מיט גרויס אונגעדולד האָט יעדער איינער געוואַרט דעם גליקליכן טאָג ווען דער קאָנצערט וועט שטאַטפינדן.

אַ גרויסער עולם האָט זיך געקליבן אין דעם פּרעכטיקן „ליריק" טעאַטער צו הערן די באַרימטע טוצי זינגען! —

מען האָט זי שטאַרק אַפּלאָדירט ווען זי האָט געזונגען מיט אַ סאָפּראַנאָ שטימע: „סטרידע לאַ וואַמפּאַ" פון דער אָפּערע „איל טראָוואַ־טאָרע" —

אין דער לאָזשע איז געזעסן אַ יונגער דאָקטאָר און האָט אַן אויג

פון דער טוצי ניט אַראָפּגענומען! ער האָט זי ממש מיט רייץ געשלונגען! טוצי! טוצי! דו ביסט שיין דו ביסט אַ מלאך אין אַ פרויען געשטאַלט! דו האָסט מיין האַרץ מיט דיינע נעגל אויסגעדראַפּעט! דו האָסט פון מיר אַ שקלאַף געמאַכט!...

אונטער די קוליסן אין דרעסינג צימער איז זי געזעסן און איבער־געלייענט די ליבעס בריוולעך און בלומען וואָס זי האָט געקראָגן פון אירע פילע פאַרערער.

צווישן די אַלע פאַרערער האָט זי אַמבעסטן פאַרגעצויגן אַ רייכן גע־שעפטסמאַן: ער איז טאַקע שוין אַביסל פאַר איר צו אַלט אָבער זייער רייך! ביי אים וועט זי לעבן אין לוקסוס. ביי אים וועט זי אַלעס אויספירן!

דער דאָקטער... הם! ער איז יונג און שיין! אַ פיינער „טיטל" אָבער... וואָס טויג ער מיר, אַז ער איז אַזוי אָרעם און דאַרף וואַרטן ביז אַ פּאַציענט וועט אים רופן פאַר אַ 2 דאָלאַרדיקן וויזיט...

טוצי האָט ליב רייכטום! זיידענע טואַלעטן, פּאַרפיום, טעקסיס; און קאָסטבאַרע דימענטען, דאָס איז איר אידעאַל. ניט פיל געטראַכט און טוצי איז געזעסן מיט דעם רייכן אַלטן געשעפטסמאַן אין אַ „טעקסי" און זיינען צוגעפאָרן אין איינע פון די רייכסטע האָטעלן אין באַלטימאָר.

אין אַ באַזונדער זאַל ביי אַ רייך געדעקטן טישל איז טוצי געזעסן און געטרונקען אַ גלעזל שאַמפּיין מיט איר פאַרערער, דעם רייכן גע־שעפטסמאַן און זיי האָבן זיך געפילט גליקלעך.

מוזיק האָט געשפּילט מיט אַן ענגלישע האַרמאָניע, אַ רויטע ליכט האָט אין זאַל געשטראַלט און געגעבן אַן אָריענטאַלישן איינדרוק!...

— דו זעסט מיין טייערע האָט זיך דער אַלטער מיליאָנער צו איר געווענדעט אויפּעפּענדיק אַ שאַכטעלע: — דאָס איז אַ קאָסטבאַרער „לאַוואַליער" מיט דימענטן, דיר גיב איך עס אַוועק אַלס מתנה... אַ קלייניקייט צען טויזענט דאָלאַר בעצאָלט דאַפיר!... אַך ווען מיין פרוי זאָל זיך דערפון דערוויסן דער גרעסטער סקאַנדאַל!... אָבער ניט געזאָרגט, געליבטע: פאַר דיר אַלעס! אַלעס!

— האָב דאָס געקויפט ווען מיין טאָכטערס געבורטסטאָג, אָבער זאָל זי זיך באַגען אָן דעם. טראָג עס דו, ביזט עס ווערט! ביזט אַ מלאך!... ער האָט איר צוגעזאָגט איבערצושרייבן אויף איר נאָמען

דאָס גאַנצע פאַרמעגן! (וואָס טוט ניט אַ געטרייער פאָטער ?).

אַ טאָג צוויי איז פאַריבער און דער רייכער מיליאָנער איז ניט צו „טוצי״ געקומען. וואָס זאָל דאָס זיין ? אפשר האָט זיין פרוי אים געמאַכט אַ סקאַנדאַל ?... מעגליך !... איז ער פּילייכט קראַנק ? זי איז געוואָרן פאַרצווייפלט!.. פאַיזאַן ! פאַיזאַן !.. איך וויל זיך פאַרגיפטן!...

דעם דריטן טאָג האָבן אַלע צייטונגען געשריבן: טוצי די באַרימטע פרימאַדאָנאַ האָט זיך פאַרגיפטעט מיט אַ דאָזע „קלאָרייד אָוו פּאָטאַסיוס״ די אורזאַכע דערפון איז ניט באשטימט נור מען דענקט אַז דורך דעם וואָס דער רייכער מיליאָנער „ב״ האָט אָפּגעשניטן מיט איר די באַצי־אונגען, זי פאַרלאָזנדיק און אין פאַרצווייפלונג האָט זיך די יונגע טוצי פאַרגיפטעט.

— אַך, דאָקטאָר ! — איז אַריין דער מיליאָנער גאַנץ פרי אין לאַבאָראַטאָרי — פּליז, גייט שנעל צו איר זי רעטען ! די נאַאיווע אָרעמע טוצי האָט זיך פאַרגיפטעט ; שטעלט אייך פאָר אַ נאַרישקייט פון אַ מיידל : איך האָב אומבאַדינגט געמוזט אַוועקפאָרן אין דער פּראָווינץ, צוליב אַ וויכטיקער ביזנעס און האָב אויסגעפעלט 2 טעג און זי, די נאַרישע קאַץ, האָט געמיינט, אַז איך האָב זי פאַרלאָזן!...

— אָ, פּליז, דאָקטאָר רעטעט זי ! ס׳איז מיר אַ שאַנדע פאַר מענטשן, האָב אַ פרוי מיט דערוואַקסענע טעכטער ! . . . איך וועל זיך שעמען אַ מענטשן אין די אויגן צו קוקן ! . . .

דער רייכער מאַן האָט פון בוזים־קעשענע אַרויסגענומען אַ פּאָרט־פעל און דעם דאָקטאָר עטלעכע באַנקנאָטן דערלאַנגט :

— נאָט אייך 500 דאָלאַר און טרייעט אייער בעסט, גייט שנעל צו איר און רעטעט זי, און ביי דער געלעגנהייט זאָגט איר, אַז אין אָוונט וועל איך זי קומען באַזוכן ! . . .

---

דער מיליאָנער איז אַוועק און דאָקטאָר בערגמאַן האָט באַטראַכט די 500 דאָלאַר און, שמייכלענדיק, אַ זאָג געטאָן :

— הלוואי וועלן יעדן טאָג אַזעלכע טוציס געבוירן און הלוואי כאָטש איינמאָל אַ וואָך אַזעלכע רייכע יאָלדעס ווי אָט דער דאָזיקער מיליאָנער ! —

# ער קייכט פון געלעכטער

פאַראַן אַ יידישע גאַס ביי אונדז, וואו עס געפינען זיך די תּלמוד תורה׳ס, דער מושב־זקנים, די גרעסטע שולן, בוטשער סטאָרס מילך סטאָרס, קענדי סטאָרס, גראָסערי סטאָרס און אַנדערע סטאָרס, פון וואָס יידן ציען זייער חיונה.

מיט איין וואָרט, די דאָזיקע גאַס איז יידיש דורכאויס — אין ארץ ישראל, דענק איך, וואָלט אַזאַ גאַס אויך ניט יידישער געקענט אויסזען.

קומט פרייטיק, ווערט אַלץ אַרום שבתדיק, מען זעט מענטשן און גלאָט אַזוי ווייבער גיין אין שול אַריין גאָט בעטן. די מענער דאָס זעלבע, אייניקע כאַפּן דערוויל אַ שמעק טאַבעקע, אַנדערע אַ ביסל פּאָליטיק! — שבת טוט מען קיין ביזנעס ניט אין דער דאָזיקער יידישער גאַס. זיצן אייניקע יידן אין דרויסן אויף בענקלעך און קלערן: ווען וועט שוין די צייט קומען צו פאָרן קיין ירושלים?...

אַן אַנדער ייד איז געזעסן פאַרטיפט אין אַ ביכל—איך בין גראד פאַרבייגעגאַנגען, באַמערק איך, דער ייד שטיקט זיך פון געלעכטער... האָב באַמערקט, ער האָט געלייענט מיין ביכל: „שבת נאָכן קוגל״ —

— וואָס לאַכט אַ ייד? — פרעג איך.

— אַזעלכע לצים — זאָגט ער צו מיר — אויסטראַכטן אַזעלכע „מאַנסעס״ און צייגט מיר דאָס ביכל. —

איך נעם דאָס ביכל אין האַנט און פרעג:

— וואָס זאָגט איר דערויף?

— וואָס זאָל איך זאָגן? — ענטפערט מיט אַ שמייכל דאָס יידל.

— איר קענט דעם דאָזיקן שרייבער פון ביכל? — זאָג איך — מסתמא א מענטש ווי אַלע מענטשן...

— ניין, — ענטפערט דאָס יידל, — דאָס איז אַ לץ פון לצנלאַנד.

— טאַקע גערעכט, — זאָג איך און בין אַוועק.

# דער זייגער מאַכער

איך בין זיכער, אַז איר האָט אַמאָל געהערט פון אַ שטאָט אַ רוד־מענישע, וואָס רופט זיך בוקאַרעסט! . . .

אין דער דאָזיקער שטאָט וואוינט אַ פאַמיליע וואָס שטאַמען פון אריסטאָקראַטן. דער נאָמען פון דער פאמיליע איז כמעט יעדן איינוואוי־נער באַקאַנט. ס׳אַקלייניגקייט ; פאמיליע פאָפּעסקו!...

נאָכ׳ן נאָמען וועט איר פאַרשטיין אַז עס האַנדלט זיך דאָ פון קריסטן ; און ס׳איז כדאי פאר אונזערע ווערטע לעזער צו באַשרייבן וואָס אייגנטלעך איך האָב איבער די „פאָפּעסקוס״ צו זאָגן : —

די מאַדאַם פאָפּעסקו מוזט איר וויסן איז אַ גראָבע פרוי מיט אַ פעטן שמאַלצערנעם „גוידער״ (זומער צייט בין איך איר גאָר ניט מקנא). האָט זיך די מאַדאַם פאָפּעסקו פאַרגלוסט צו חלום׳ן אַז דער איינציקער געראָטענער זיווג פאר איר טאָכטער וועט זיין אַ זייגער מאַכער!

דער הער פאָפּעסקו, אַ רייכער „באָיאַר״ (פריץ) איז אַרומגעגאַנגען איבערן צימער נערוועז און גאָר ניט געקאָנט פאַרשטיין זיין פרויס משוגעת!... סטייטש פראַזאַ האָט ער מיט אַ טאָן פון אַ קאָמאַנדיר זיך געבייזערט :

— וואָס רעדסטו נאַרישקייטן ? אַ זייגער מאַכער פאַר אונזער איינציק געראָטענער טאָכטער ? טאָקע אַ פיינער שידוך ! איך, אַן אַריס־טאָקראַט אַ „באָיער״ אַ גוט־באַזיצער זאָל זיך אָנמעסטן אַ זייגער מאַכער פאַר אַן איידעם ! כאַ, כאַ, כאַ! האָט ער זיך צולאַכט. אַ זייגער מאַכער גאָר ? אַ קבצן, וואָס שטאַרבט 3 מאָל אין טאָג פאַר הונגער . . .

פאָפּעסקו! האָט פראַזאַ זיין ווייב מיט׳ן פויסט אין טיש געקלאַפּט ; איך האָב געחלומ׳ט וועגן אַ חתן פאר אונזער אַספּאַסיאַן, די פאַריקע נאַכט, אַז נאָר אַ זייגער מאַכער וועט אונזער טאָכטער קענען גליקליך

מאַכן!... און איך גלויב פיל אין חלומות וועלכע איך בין איבערצייגט אַז זיי נאַרן ניט!

דער הער פּאָפּעסקו האָט ארומגעשפּאַנט נערוועז איבער'ן רייך געפּוצטען זאַל און זיך דעם שטערן געריבן אַזאַ משוגעת! אַזאַ איינפאַל! אַזאַ מאָדנער קאַפּריז!

מעג זיין אַ קאַפּריז. אַן איינפאל — אַ משוגעת אונזער טאָכטער מוז און וועט נאָר הייראַטן אַ זייגערמאַכער!... האָט זיך די מאַדאַם פּאָפּעסקו געכעסט און פאַרגעזעצט: איך האָב אים געהייסן היינט קומען און איך מיט אונדזער טאָכטער אַספּאַסיאַ דערוואַרטן אים מיט אומ־געדולד.

— וועמען? — האָט הער פּאָפּעסקו שטאַרק פאַרוואונדערט גע־פרעגט.

וואָס הייסט וועמען? טאַקע אים דעם יונגן מאַן, דעם זייגער מאַכער!... ער דאַרף באַלד טאַקע קומען (זי קוקט אויפן זייגער), זע ס'איז שוין באַלד 8 אַזייגער, באַלד וועט ער דאָ זיין! —

ביי די דאָזיקע ווערטער איז אונזער גרויסער אַריסטאָקראַט געפאַלן אויף דער קאַנאַפּע אין חלשות.

מען האָט געהערט קלינגען און מאַדאַם פּאָפּעסקו האָט איבערראַשענ־דיק געעפנט די טיר און אַ בלאָנדער יונגערמאַן האָט שמייכלענדיק געזאָגט „באָן סואַר", אַרונטערגענומען זיין שטייפן הוט און געקושט דער מאַדאַם פּאָפּעסקו די האַנד און זיך פאָרגעשטעלט:

— איך בין עס מאדאַם, האָט דער יונגער זייגער מאַכער מיט ציטערנדע ליפּן געענטפערט. איך בין עס מאַדאַם דער זייגער־מאַכער, דער יעניגער וועלכער וועט גליקליך מאַכן אייער טאָכטער. איך בין אַ גוטער זייגער מאַכער און אזא חתן וועט אין אייער משפחה פיל צוניץ קומען. עס וועט זיך מאַכן אַ זייגער צו פאַריכטען וועט זיין ווער? איך! איך וועל אייערע זייגערס תיכף אויפן אָרט פאַרריכטן.

טאַקע אַ גליק כ'לעבן, האָט דער הער פּאָפּעסקו געברומט. באַלד איז אַריין די גליקליכע כלה און ווען דער זייגערמאַכער האָט זי דערזען האָבן זיינע אויגן גענומען פינקלען ווי דער שטערן מאַרס!

— אָ, איר זייט עס, פריילין!—האָט ער זיך צו איר געווענדט און

אָנכאַפּענדיק איר צאַרטע האַנד האָט ער זי ליידענשאַפטליך עטליכע מאָל געקושט!...

ס׳איז ניט שיין פון אייך, האָט די כלה אַ באַליידיקטע געענטפערט.

וואָרום? ווייל איך ליב אייך פריילין? זייט איך האָב פון אייך געהערט בין איך פארכישופט, באַצויבערט.

זע ווי אונזערע קינדער זיינען גליקליך! האָט מאַדאַם פּאָפּעסקו צו איר מאַן באַמערקט, וועלכער איז מיט גרויס צאָרן געשטאַנען אָן אַ זייט פון זאַלאָן און געררויכערט אַ ליולקע.

— הער אויס, פּראָזאַ,—האָט ער מיט אַנטשלאָסנהייט פּראָטעסטירט אויב דער יונגער מאַן, דיין זייגערמאַכער פארלאָזט ניט באַלד דאָס הויז וועל איך אים אָנפּאַקן ביים קאָלנער און אָט אַזוי אָ... פאַרשטעסטו מיך פון אַלע שטיגן אַרונטערשמייסן!...

דער יונגער זייגער מאַכער ווען ער איז צו זיך געקומען און באַמערקט וואו ער געפינט זיך, אין הויף אונטער די שטיגן, האָט זיך אַרומגעטאַפּט זיינע ריפּן און געבורטשעט: דאָס איז אַ געמיינהייט!... דאָס איז אַ באַליידיגונג!... און ער האָט ווילד געשריען:

הער פּאָפּעסקו איר זייט אַ גרויסער כעס׳ניק און איך פייף אויף אייך און איך הער אייך ווי דעם קאָטער.

יאָ מיינע ליבע לעזער אָט אַזוי האַנדלט מען ביי אונז אין רומעניען צווישן אריסטאָקראַטן און איר ווילט דאָך נייגעריק זיין צו וויסן וואָס דער סוף איז געווען?

די כלה האָט דערהאַלטן אַ בריף פון דעם חתן פון דעם זייגער מאַכער אַז זי זאָל זיך מיט אים באַגעגענען אין אַ באַן סטאַנציע און זיי וועלן אַוועקפאָרן קיין אַמעריקאַ און ער האָפט זיך דאָ עפּענען אַ שטיקל ווערקשטאַט ביי אַ פענסטער פון אַ „באַרבער שאָפּ”!

# ניו יאָרק פאַר סוכות

איך בין געווען פאַר סוכות אין אַמעריקעס גרעסטע שטאָט, די שטאָט ניו־יאָרק!... ווער האָט ניט געהערט פון דער שטאָט ניו־יאָרק? דאַכט זיך אַז אין עק וועלט איר זאָלט אָנטרעפן אַ מענטשן אין גאַס און אים אַ פרעג טאָן: זאָגט מיר איך בעט אייך, האָט איר ווען געהערט פון אַ שטאָט ניו־יאָרק? איך בין זיכער אַז דער דאָזיקער מענטש וועמען איר וועט אויף טשיקאַווע אַ פרעג טאָן, וועט זיך באַלד אָנכאַפּן, וואָס פרעגט איר צו איך ווייס פון דער שטאָט ניו־יאָרק? איי! איי! אַיי וואָלט זיך מיר וועלן פאָרן קיין נעוו־יאָרק!...

און איצט אַז איך בין שוין פאַרטיק מיט מיין פּראָלאָג איבער דער שטאָט ניו יאָרק; וועל איך אייך דערצעלן וואָס איך האָב דאָרט געזען עטליכע טעג פאַר סוכות אין דעם שטעטל:

אַרונטערגעקומען פון פּענסילוויינא סטיישאָן נעם איך די קאַר, וואַרף אַריין אַ ניקל אין אַ פּושקע און פאָר איבער די גאַסן און שטעל זיך אָפּ ביי דער „דילענסי בריק". האָט דאָרט געזשומזשעט מיט מענטשן!... שטייט אין אַ זייט אַ ייד, נעביך אַ בלינדער, מיט אַ פּושקע אין האַנט (די ניו יאָרקער חברה האָבן זייער ליב פּושקעס: וואו איר קוקט, זעט איר פּושקעס. אַפילו די קאַרס האָבן פּושקעס. כאָטש נעם און וואַרף אַריין אין פּושקע ניקעלעך!)...

מיד בין איך געווען, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביים אַריינגאַנג פון דילענסי בריק און באַטראַכט די מענטשן, מען האָט זיך געאיילט. אייניקע לויפן אַהין, אייניקע אַהער, אַרויף, אַראָפּ!

מיסטער וועלכע קאַר פאָרט אָפּ קיין פלאַשינג עוועניו?... פרעגט מיך אַ אידענע אַ 300 פונטיקע. זאָג איך איר: איך זאָל אזוי וויסן פון ווערים קרויט צו איך ווייס וועלכע קאַר פאָרט קיין פלאַשינג עוועניו.

וואָס זשע איר זייט אַ גרינער? ענטפערט די אידענע אַ צוקאָכטע. איך האָב געשמייכלט. וועמען ווילט איר דערציילן איר זייט אַ גרינער?

איך דערקען אין אייערע גאָלדענע ציין אַז איר זייט שוין גאָר ניט קיין גרינער. נאָר זאָגט מיר, פּליז, וועלכע קאַר פאַרט קיין פּלאַשינג וועניו? . . .

— מיסעס, לאָזט מיך אָפּ. איך ווייס ניט און דאַצאָל! — וואָס הייסט, איר ווייסט ניט? טאָ פרעגט זשע פאַר מיר ביי אימיצן אַנדערש, אַז איר ווייסט ניט! . . .

— וואָס בין איך, אַ דאָלמעטשער? —

עס מאַכט אַייך ניט נאַריש לאָזט מיך ניט אָפּ די אידענע. ענדליך האָב איך זיך פון יענעם אָרט תיכף אָפּגעטראָגן און געגומען געגן אויף עסעקס סטריט. ביים קאָרנער פון ריווינגטאָן סטריט שטעט א אינגל מיט טאַשנטיכער און שרייט. פּייף סענט אַ הענדקערשע! מיסטער קויפט אַ „הענדקערשע" שרייט ער צו מיר!

איך נעם אַרויס אַ שפּיגעלע און באַטראַכט מיין נאָז און שאָקל מיט אַן אַקסל: מע דאַרף ניט!...

אין דער באַיערי פון אויבן איז געלאָפן דער „עלעווייטער" און געמאַכט אַזאַ רעש אַז איך האָב געמוזט מיינע אויערן מיט די פינגער פארשטעקן. ווען איך האָב אָפּגעגאנגען אַ האַלבען בלאָק קאָרנער „הויסטאָן", האָט אַ יידענע פון אַ דריטן פלאָר אַרויסגעגאָסן אַ פּאָמוניצע וואַסער און פונקט אויף מיין קאָפּ. אָבער זי האָט זיך אַנטשולדיקט זאָגענדיק: ניט אויף אייך האָב איך געמיינט. האָב געוואָלט ארויסגיסן דאָס וואַסער אין סטריט! אַנטשולדיקט, מיסטער! מיין סינק איז מיר צובראכן געוואָרן און דער דזשעניטאָר אַ וועהטאָק אים האָט זי ניט געוואָלט „פיקסן". אַנטשולדיקט!... אַנטשולדיקט!... האָב געשוויגן און געווישט מיין הוט און מיין אַנצוג, וואָס האָב זיך ספּעציעל געמאַכט צום פאָרן קיין ניו־יאָרק און זיך אַוועקגעשטעלט קעגן דער זון אויס־טריקענען מיינע קליידער! . . .

געענדיק אויף קאַנאַל סטריט אויך אַ גרויסער טומל, אָפּגעשטעלט האָב איך זיך ביי א קליידער געשעפט און געטראכט „באַרגיינס" אַ „שלעפּער" איז צו מיר צוגעגאַנגען און מיר פאַרגעשלאָגן, איך זאָל זיך בעסער קויפן אַ נייעם סוט. אַ שאַנדע אַ יונגערמאַן ווי איר אַרומגיין מיט אַ נאַסן סוט אין גאַס! . . .

סוטס זענען טייער! נישקשה מיינער איז נאָך ניי!... ס'ט זיך אויסטריקענען! . . . אַן עקסידענט! פאָרט ניו יאָרק...

אונדזער געשפּרעך איז אונטערגעבראָכן געוואָרן פון אַ פּאַראָמ־גליקטן מאַן וואָס האָט געדרייט אַ קאַטערינקע וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אַ טרויעריקע מעלאָדיע:—מאַמעניו!... פון דאָרט האָב איך זיך אָוועקגעלאָזט קיין „אָרטשאַרד" סטריט. פּושקאַרדס אויסגעשטעלט מיט אַלערליי „באַרגיינס" איינער האָט געשריען: קאַליפאָרניע עפּל ביליק ווייבער! ביליק! צוויי פאַר אַ ניקל לכבוד סוכות!

אַ ייד מיט אַ ווייסער לאַנגער באָרד האָט געשריען: געוואַלד, היטלער!!! אַ גרויסער עולם איז זיך צוזאַמענגעלאָפן. איינער האָט געפרעגט דעם אַלטן יידן: וואָס שרייט איר „היטלער"? דאָ איז אַ יידישע גאַס! ווער מיר היטלער, וואָסער היטלער? —

ענטפערט דער ייד מיט דער ווייסער באָרד: — נו, אַז איכ'ל שרייען ציבעלעס, וועט מען זיך צוזאַמענלויפן אַרום מיין פּושקאַרד?—

אַן אַנדער פּעדלער האָט אויסגערעכנט זיינע סחורה'ס און געוואַל־דעוועט: — קאם אַן, וויפּיל מע גיט! . . .

אויף אַן אַנדער פּושקאַרט איז געווען אויסגעלייגט טליתים; מזוזות מחזורים. דערנאָך האָט אַן אַלטער איד „געטרייט" אַ פּאָר ברילן און זיך געדונגען מיטן פּעדלער וועלכער האָט פּראָטעסטירט אַז ער דער־לייגט דעם קאָפּ ביי די ברילן!... — ער קען ניט ביליקער!... דער איד דער קויפער גיט אַ דאָלאַר דערפאַר און דורך די גלעזער וואָס פאַרגרעסערן קוקט עס אים אויס ווי גאַנצע 10 דאָלאַר וואָלט עס געווען.

אין אָוונד האָב איך שפּאצירט אויף סעקאָנד עוועניו, שוין גאָר ניט געווען צו דערקאָנען דער סעקאָנד עוועניו פון אַמאָל. רייכע געשעפטן, מיידלעך מיט באָוויסטע פּנימער, וואָס גיט אַזוי פּיל רייץ! . . . ווייבלעך טאַנצן שוין אויך נאָר דער מאָדע און גייען אַרום אין גאַס מיט אונטערגעשאָרענע האָר! . . . שטעלט מיך אָפּ אַ יידל און פרעגט: פאַרוואָס היינטיקע מוידן שערן זיך אונטער די האָר?... יאָ, געוויס קען איך אייך דערקלערן: דאָס איז דערפאַר ווייל טאַמער בלייבן זיי אַלטע מוידן, זאָל דאָס ניט הייסן, אַז זיי זיינען פאַרבליבן ביז אין גראָען צאָפּ.

דעם יידן האָט דער וויץ געפעלן און מיר דערלאַנגט אַ שמעק טאַבאַק און איך בין ווייטער געגאַנגען. ווען איך האָב דערזען אַ רומענישן קעלער, בין איך מיט אימפעט דאָרט אריין, מוזיק האָט דאָרט געשפּילט און איך האָב זיך געהייסן ברענגען אַ טענדערלוין סטייק מיט „פרענטש פרייט פּאָטייטאָס" האָב געטרונקען ביר און זיך געלאָזט וואויל גען אַז איך בין אין ניו־יאָרק לעב אַ גוטן טאָג ברודערקע און הער די וועלט ווי מיין „נעקסטדאריגן" קאָטער!...

# חנוכה בילד

## (פאַמיליען סצענע אין 1 אַקט)

פערזאָנען:

ברײַנדל: אַ הויכע דיקע יידענע פון אַ יאָר 40. נחומצע: אַ אידל, אַ קלײנינקער אַ פרעסער ביים טרייד: — די סצענע שטעלט פאָר אַ געוויינלעך צימער פון אַ טענעמענט הויז, ס׳איז אָוונט. די גאַז ברענט. דער זייגער שלאָגט: טיק־טאַק, טיק־טאַק. — ברײַנדל מיט פאַרקאַשערטע אַרבל זיצט אַ פערזאָרגטע ביים טיר מיט אַ וואַלגערהאָלץ אין האַנד און וואַרט אויף איר מאַן. אין אַ ווײַלע ארום, געניצט זי עפנט דאָס מויל גרויס:

ברײַנדל: זע נאָר גאָטעניו ס׳אַ לעבן דאָס איז אַזוי שפעט און דער תכשיט מײַנער איז נאָך ניטאָ... נו, פרעג איך אייך, איז דאָס אַ לעבן? אַזוי זיך אָפּפינסטערן מײַנע יונגע יאָר? און מיט וועמען? מיט אַ מאַן אַ ליידאַק; אַ פוילער, אַ טויגענישט, אַ כל־בויניק!... טאָג און נאַכט ארבייט ער נאָר. ווען מען טוט אים אַ פרעג וועט ער אייך ענטפערן ער האָט געאַרבייט „אָווערטיים״! — כאָטש גלויבט אים דאָס וואָס ער וועט דיר דערציילן; נאָוסער, מיר וועט ער דאָס ניט דערציילן, מיר וועט ער ניט בלאָפן...

דאָס מאָל וועל איך אַזוי אָנלערנען אַז ער וועט מיך האָבן צו געדיינקען (זי שפּאַנט אַרום נערוועז און סטראַשעט מיטן וואַלגערהאָלץ) אוי ווײַ, וועל איך אים אַביסל אויספרעסן זײַנע פּלייצעס!... ער באַרימט זיך ער איז אַ גוטער פרעסער... אַזוי גוט ווי איך וועל אים פרעסן היינט... כאָטש איך באַלאַנג ניט צו דער „יונע״ (יוניאָן) (קוקט אויפן זייגער) 8 אַ זייגער און ער איז נאָך ניט אין דער היים!... ער וועט דאָך מסתמא זיך פאַרענטפערן אַז ער האָט היינט ווי׳ער גע־אַרבעט „אָווערטיים״... ניין אַ בלאָפער שבבלאָפער איז ער, ער שלעפּט

זיך אַרום מיט די לצים—ביים ברית שלום האַל, צו אין מילכיקן רעסטאָ־ראַן, צו אפשר אין רומענישן קאַפע־הויז און שמועסט, און שפּילט אַ קערטל, און פּירט לצנות!... אוי טאַטע זיסער, איז דאָס אַ שלים מזל... (קוקט אין שפּיגל) זעט נאָר ווי דין איך בין געוואָרן! ניט צו דערקענען. דאָס איז ער נאָר שולדיק! אַ תל האָט ער פון מיר געמאַכט! געווען שיין, יונג און איצט, מישטיינס געזאָגט, וואוין אין דריי רומקעס און בין די ווייב פון אַ פּרעסער פון אַ שלים מזל!... ס׳אַקליינינקייט 18 דאָלער אַ וואָך מאַכט ער און דאָס שוין מיט „אָווערטיימס״, אַז מאַכן זאָל ער מיט די זייטן טאַטע זיסער!... (זי כליפּעט) איך אַ שוואַכע פרוי ... דאָ איינע אַליין אין דריי רומקעס... זי זעצט זיך אויפן וויגשטול און דרימלט איין!... מען הערט אַ גערויש). אוי, געוואַלד! גזלנים! בוירגלערס!... (זי עפּענט לאַנגזאַם די טיר) אוי, מיר האָט אויסגעדוכט .. . אומזיסט דערשראָקן ... גאָר אַ קאַץ ... מען קען דאָך אויסגען פאר שרעק דאָ איינע אליין אין הויז צו זיין!...

נחומצע: (הינטער די קוליסן, זינגט אַ יידישן מאָטיוו): קום, ישראליק קום אַהיים ... דאָס רעקל אופן פּלייצע, אביסל פאַרטרונקן, איז אויפגעלייגט, שמייכלט ווען ער באַגעגנט ברײַנדלס בליקן, דערזע־ענדיק איר כעס, און דאָס וואַלגערהאָלץ, ציטערט אויף. (פּאַרהיט זיך מיט זיינע הענד).

ברײַנדל: דאָס צווייטע מאָל וועסטו געדענקען אַז מען קומט אַהיים פריער, און אַז מען האָט אַ ווייב אין דער היים ... (שלאָגט אים מיט׳ן וואַלגערהאָלץ.)

נחומ׳צע (שרייט): אוי, אוי, געוואַלד, ברײַנדעלע הער אויף אין כעס זיין; וואָס זאָל מען טאָן, געאַרבייט „אָווערטיימס״.

ברײַנדל: דערפאַר קומט ער אַהיים טויט שיכור? וואו ביסטו גע־ווען... דערצייל שכור איינער!... דו וואַגאַבונד! דו פאַרפירער!... האָסט זיך מסתמא ווידער באַגעגנט מיט דיינע לאַנדסלייט? אוודאי געמאַכט אַ קערטל, און אַ ביסל געטרונקן!... אַז אַך און וועה. שכור׳סט איצט מער ווי אַן אַנדערס מאָל! פאַרשפּילסט די ווײַדזשעס דיינע; דו פּאַס־קודנע טרעמפּ איינער! דאָס גאַנצע מעבל האָסטו שוין באַלד פאַרזעצט און אויספאַרקויפט ...

נחומ׳צע: ווערט אונז זיין לייכטער צו מופן.

ברײַנדל: דיין גאַנץ געלד פארשפילט און שלעפסט זיך ארום מיט פרעמדע ווייבלעך!... (לויפט צו זוכן אין זיינע פּאַקעטס, געפינט געלד...) וואָס איז דאָס, אַזוי פיל געלד פינפערלאַך... צענערלאַך!... (האַלזט נחומצען און קושט אים).

נחומצע: ברײַנדעלע, היינט איז דאָך עפּעס חנוכה, היינט מעג מען דאָך שפּילן אין קאָרטן, חנוכה! דאָס האָב איך היינט אין קאָרטן פאַרדינט. געהאַט גליק... ס׳איז מיר בישקשה׳דיק געגאַנגען לכבוד חנוכה.

ברײַנדל: ווערסטו מיר דאָס געלד געבן איך׳ל זיך קויפן אַ דרעס און אַ נייעם הוט לכבוד חנוכה און מאָרגן זונטיק גייען מיר אין טע־אַטער לעבן אַ גוטן טאָג לכבוד חנוכה. — (פאָרהאַנג פאַלט).

# אַ מעשה מיט אַ צויבערשטעקן

פאַרבראַכט האָב איך היינטיקן זומער אין די בערג. כמעט די גאַנצע 3 וואָכן, וואָס איך האָב דאָרט געוואוינט, האָב איך דאָרט זיך אָפּגעגעבן מיט דעם פעלד! מיט דער שיינער נאַטור, מיט דעם גרי־נעם גראָז, מיט די בלעטעלעך בין איך שטונדן לאַנג געזעסן אויסגע־שטרעקט אויף דעם גרינעם שמעקעדיקן גראָז; איך האָב באַוואונ־דערט די פליגעלע, די זשאַבע, די מוראַשקע. אָט שלעפּט אַ מוראַשקע מיט אירע הינטערפיסלעך אַ קערנדל; די פויגעלעך אויף די ביימער האָבן אָפּגעגעבן קאָנצערטן! אַך, ווי שיין איז די נאַטור, ווי גרויס־אַרטיק איז דאָס לעבן! באַמערקט נאָר די קליינע אינסעקטן, ווי זיי שטרעבן פאַר זייער עקזיסטענץ! . . .

אָבער די גאַנצע צייט קען מען דאָך ניט פאַרבלייבן. מען מוז גיין ווייטער, טיפער אין וואַלד, אַזוי האָב איך זיך געטראַכט און איך האָב גענומען לויפן אויפן פעלד מיט באָרוועסע פיס. ווען איך בין אַזוי אַ לאַנגע שטרעקע אָפּגעלאָפן, האָב איך שוין מיין אָטעם ניט געקענט ציען. מיד בין איך געווען, האָב איך זיך ווייטער אַוועקגעזעצט אויפן גרינעם גראָז. אַ מאָדנע שטילקייט האָט דאָרט געהערשט. אָבער ניט לאַנג האָט די שטילקייט אָנגעהאַלטן. עס איז אונטערבראָכן גע־וואָרן דורך דעם רויש פון די כוואַליעס פון אַ טיפן טייך!

אויס נייגעריקייט בין איך צו דעם טייך צוגעגאַנגען און מיט באָרוועסע פיס בין איך אַריין אין וואַסער און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ פעלז. פּלוצים האָב איך באַמערקט ווי פון דער טיפקייט פון דעם טייך איז דערשינען אַ יונגע מיידל. דאָס איז געווען אַ פּרינצעסין! ווען איך האָב באַטראַכט איר שיינקייט, בין איך באַצויבערט געוואָרן. זי האָט צו מיר געשמייכלט און האָט מיט אַ גאָלדענעם פייפל געשפּילט אַ „דאָינא". נאָך דעם שפּילן האָט זי מיך געפרעגט פון וואָסער לאַנד איך קום, וואָס איך בין אַזוי איבעראַשט פון איר שפּילן.

— טייערע מיידל, פּרינצעסין! — האָב איך איר געזאָגט — איך

בין אַ רומענישער, אַ פּאָעטל, אַ טרוימער פון ליבע! נאָר צו וואָס דיר אויסרעכענען אַלע מיינע מחשבות — איצט בין איך גאָר אַן אַנ־דערער געוואָרן דיך זעענדיק! איך בין אין דיר שטערבלעך פאַר־ליבט... (נאָר ביי דיזע ווערטער האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך בין אַ באַווייבטער).

— כאַ! כאַ! כאַ! — האָט זיך די צויבערמיידל צעלאַכט — ביסט אין מיר פאַרליבט? אַ פּאָעט, וואָס ליבט אַ מיידל?...

— ניין מיין מוזע! (וואָרום אַ פּאָעט אַן אַ מוזע איז ווי אַ פּורים־קוילעטש אָן ראָזשינקעס!) — האָב איך זיך ביי איר געבעטן.

— איך קען ניט! איך קען דאָס ניט טאָן! באַלד קומט אַן מיין געליבטער און ער וועט דיך פאַרטרייבן.

ווען איך האָב געהערט, אַז די פּרינצעסין האָט שוין אַ געליבטן, בין איך אויפגעשווידערט געוואָרן.

— באַלד מוז איך אַוועקגיין — האָט זי געזאָגט, — ווייל איך האָב מורא ער וועט אָנקומען. עס טוט מיר לייד זיך צו שיידן מיט דיר, מיין טייערער פּאָעטל, איך וועל דיר אָבער אַ שיינע מתנה איבערלאָזן אַלס אָנדענקען פון אונדזער קורצער באַגעגעניש. און זי האָט אין דער לופטן אַ מאַך געטאָן און אַ גאָלדן שטעקל איז דערשינען!...

— נאַ, נעם דעם שטעקן, דאָס וועט דיר פיל גליק ברענגען. ווען דו וועסט אין נויט זיין, זאָלסטו דעם שטעקן 3 מאָל אין דער לופטן דרייען (אַזוי ווי אַ ניו יאָרקער פּאָליסמאַן מיט זיין קלאָב) און איך וועל דערשיינען און דיך פון געפאַר רעטען...

ביי דיזע ווערטער איז די שיינע פּרינצעסין פאַרשוואונדן אין טייך אַריין.

באַזיצנדיק אַזאַ צויבערשטעקן, בין איך אַ צופרידענער אַהיים געגאַנגען און יעדן איינעם דערציילט פון מיין פּאַסירונג.

און איצט בין איך אַ צופרידענער מענטש. יעדערער האָט מורא מיר אַ שלעכט וואָרט צו זאָגן, ווייל זיי האָבן שרעקלעך מורא פאַרן שטעקן! . . .

נאָר הלוואי טשעפּעט מיך עמעצער, וואָלט איך געהאַט אַ גע־לעגנהייט זיך ווידער צו זען מיט דער פּרינצעסין! . . .

# ברײַנדל מיט נחומצען גייען אין טעאַטער

אַזוי ווי ס'האָט זיך אַראָפּגעיאָוועט קיין באַלטימאָר אַ ניו־יאָרקער טרופּע שפּילן יידיש טעאַטער, רופט זיך אָן ברײַנדל צו איר מאַן, וועלכער איז געשטאַנען ביים „סינק" און געוואַשן דאָס געפעס:

— נחומצע, שלעפּ אַרונטער דעם פּאַרטוך פון זיך און נאַ דיר עטלעכע דאָלאַר, גיי „דאַון טאַון" און קויף 2 טיקעטס. מיר גייען היינט אין יידישן טעאַטער! . . .

— טאָקע? מיינסט דאָס ערנסט, ברײַנדעלע? — האָט נחומצע מיט פרייד זי געפרעגט.

— אַז איך זאָג מיר גייען, גייען מיר! — האָט ברײַנדל אויס־געשאָסן און ביי דיזע ווערטער איז נחומצע נאָך קלענער געוואָרן: ס'אַ קליינינקייט, אַז ברײַנדל עפּנט אויף איר פּיסקל?

איילנדיק האָט נחומצע דעם פאַרטוך אויסגעטאָן און געפּאָלגט זיין ווייב.

וויסן זאָלט איר, אַז ברײַנדל פירט אימער אויס וואָס זי וויל;— און אַ כפּרה 20 מענער פאַר ברײַנדלס מינדעסטן פינגערל — אַזוי האָט זי צו זיך געזאָגט, און בשעת מעשה אַריינגעקוקט בגנבה צו מיסעס פּיסקעל פון „נעקסט דאָר", וועלכע האָט זיך אויך געפּוצט צו גיין אין טעאַטער... ס'אַ קליינינקייט — יידיש טעאַטער אין באַלטימאָר!...

— אַ וויטאָג איר, — טראַכט זיך ברײַנדל — זע נאָר ווי דאָס פּוצט זיך אַזוי אויס, אָבער „אַלבעטשע" זי וועט מיך ניט „ביטען" מיט איר „לוקסוס", איכל זי פאַרשטעקן אין דער פּיאַטע, טאַטע זיסער.

אין אַ ווײַלע אַרום איז נחומצע אַהיים געקומען און אַוועקגעפּאַלן אויפן בענקל פאַר מידקייט.

— ברײַנדל, האָסט צו געבן אַ „שאָו" דער קאַר קאָמפּאַניע.

— ער איז ניט חולה „וואָקען" „דאַון טאַון" צו פוס — זאָגט ברײַנדל און אונדזער פאַרשוין האָט נעבעך געמוזט אַזוי טאָן; — אַ ברירה האָט ער געהאַט? וואָרעם, אַז ברײַנדל וויל, איז עפּעס אַ תירוץ?

— אָט האָב איך געבראַכט די בילעטן — זאָגט מיט אַן אונטער־געהאַקטן אָטעם נחומצע — אויף דער באַלקאָני וועלן מיר זיצן און מיר וועלן זיך אַוועקזעצן ווי די „יאַטעבעדאַמס". — אָבער ער איז תיכף אומעטיק געוואָרן, זיך דעראינערנדיק, אַז זיין באַגלייטער וועט זיין... אוי... ברײַנדל! . . . און דאַן די קניפּ אירע יעדע ווײַלע, ווען נחומצע צעלאַכט זיך ביי אַ קאָמישער סצענע אָדער וואולגאַרן וויץ, צי ווען מען הערט אַ בינטל קללות צווישן מאַן און ווייב ווי דער שטייגער איז אין טעאַטער...

ס'איז געוואָרן די צייט, ווען דער עולם האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין טעאַטער. ברײַנדל איז מיט איר מאַן געזעסן אויף זייערע סיטס און געגענעצט. דערווייל גיט זי אַ זאָג:

— נחומצע, פּאַק אויף דאָס בינטל, לאָמיר דערווייל עפּעס „קייען"...

פון זויערע „פּיקל־סענדוויטשעס", עפּעל, 2 פלעשער לעמאָנייד איז באַשטאַנען דער „מעניו" און אונדזער פּאָרל האָט געקייט, אַז דער דערבייאיקער עולם האָט אַזש פּראָטעסטירט הלמאי מען שטערט זיי מיט די שאָלעכטס, וואָס מען וואַרפט אַן נעבן זיי . . .

— מיסעס, — רופט זיך אָן אַ יונגערמאַן פון אונטער ברײַנדלס פלייצעס, — אין דער היים האָט איר קיין צייט ניט געהאַט צו עסן אייער סאַפּער ? —

מיסעס פּיסקעל, די „נעקסט דאָריקע", וועלכע האָט שוין לאַנג ווי מיט ליכט געזוכט אַ געלעגנהייט מיט ברײַנדלען זיך אַ קאַפּעטשקע דורכצופּיסקלען, האָט באַמערקט צום יונגען מאַן — ברײַנדל זאָל הערן:

— אין דער היים האָט זי קיין צייט ניט, ווייל זי מוז זיך קריגן מיטן מאַן, פאַרשטייט איר ? . . .

ווען ברײַנדל האָט דערהערט די דאָזיקע באַמערקונג, איז זי גע־וואָרן רויט אָנגעצונדן און מיסעס פּיסקלען אין דער נאָז אַרײַנגעזאָגט:

— ניט אייערע חזירשע „ביזנעס", „קיפּ קווייעט און שאַראַפּ !"...

ס'איז געוואָרן אַ שטיקל טומל, — דער עולם פון דער באַלקאָני האָט זיך הילכיק צעלאַכט אויף ברײַנדלס חשבון, וועלכע איז נאָך אָנגעצונדענער געוואָרן און זי האָט זיך ניט געקענט באַהערשן יענעם

אין פּיסק אַ פּלעם צו געבן. — ניט אייער טאַטנס ביזנעס, לאַכט צע־פּלאַצטערהייט! — האָט זי אויסגעשפּיגן — טפוי זאָלט איר ווערן!...—

ענדלעך איז דער פאָרהאַנג אויפגעגאַנגען, — מען האָט געשפּילט גאָרדינס אַ ליטעראַרישע פּיעסע. דער עולם איז געווען פאַרטיפט אין די אַקטיאָרן אויף דער בינע, און די אַקטיאָרן אין זייער פּראָזע!...

אַלץ איז געווען שטיל און רואיק מיט דער אויסנאַמע פון דער באַלקאָני!... ס׳אַ קלייניקייט ווער דאָרט איז געזעסן? . . .

פּלוצלונג האָט מען דערהערט: — ווען איר פּלאַצט אפילו, וועל איך ניט שווייגן! . . . שאַראַפּ יורסעלף! . . .

— אָרדער, פּליז! . . . אָרדער!!! . . . .

— וואָס, מיך וועט איר אַרויסוואַרפן? וואַרפן וועט מיט אייערע ביינער!!!

— שאַ! שאַ! שאַ!

ס׳איז געוואָרן אַ גאַנצער טומל, די אַקטיאָרן האָבן ניט געקענט פאָרטזעצן דאָס שפּילן; דער סופּליאָר איז פאַרמישט געוואָרן מיט דער פּראָזע, 2 אָשערס האָבן אַרויסגעפירט בריינדלען, וועלכע האָט פּראָ־טעסטירט אויף דער העכסטער אָקטאַווע: — וועמען וואַרפט איר? מיך? אַ רוח אין אייער טאַטנס טאַטן אַריין . . . — און זי איז אַרויס ווי אַן אונטערגעשאָסענע! . . .

# דער רעדאַקטאָר

אַז נחום האָט איינגעזען, אַז אַלע זיינע געדיכטע טויגן ניט, למאי זיי ווערן ניט געדרוקט אין קיין צייטונג, און קיין רעדאַקטאָר וויל איב ניט אָנערקענען פאַר אַ טאַלאַנט, איז ער אין כעס געוואָרן . . . זשו־ליקעס! — האָט ער זיך געטראַכט — זיי ווילן ניט דרוקן מיינע „זאַכן", איך וועל זיך מיט זיי אָפּרעכענען! איך וועל זיי צייגן, אַז איך בין יאָ אַ טאַלאַנט! איך וועל זיי איבערצייגן, אַז איך בין אַ דאָס... אַ שרייבער, אַ דיכטער הייסט עס! הע! זיי ווילן מיר קיין „טשענס" ניט געבן!... אַז איך בין אַ טאַלאַנטפולער דיכטער — זאָגט נחום — איז אַזוי וואָר, ווי אויפן שטערן מאַרס געפינט זיך דער „פעטער בח דאָבע יאַכצעס". זאָגט מיר, איך בעט איך, וואָס שמייכלט איר? אפשר צווייפלט איר אויך, אַז אונדזער נחום איז ניט קיין טאַלאַנט? יעס! נחום באַזיצט טעמפּעראַמענט! שוין 18 פּאַק שריפטן „אָפּגע־דיכטעוועט", זיי אַלע אריינגעשיקט אין פאַרשיידענע רעדאַקציעס און אויסגעלאָזט האָט זיך אַ בוידעם! . . .

נו, נו, — טראַכט נחום — מסתמא האָבן זיי זיך אַלע אָפּגערעדט די רעדאַקטאָרן און ווילן דווקא ניט דרוקן מיינע „זאַכן". טראַכט נחום איבער בשעת ער איז געזעסן אין אַ קיבעצאַרניע, דאָרט וואו אַלע אמתע דיכטער טרעפן זיך, אַז די בעסטע זאַך וואָלט געווען ער זאָל זיך עפענען אַן אייגענע רעדאַקציע; ווערן אַליין אַ רעדאַקטאָר; דרוקן אַן אייגענע צייטונג! . . . האָבן אַרום זיך שרייבער, האָבן אַ דעה: זיי באַפעלן וואָס צו שרייבן, און ווי אַזוי צו שרייבן.

און אַזוי טראַכטנדיק, האָט נחום מיט דער פויסט אין טיש אַ קלאַפּ געטאָן, זיך ראַפּטאָם אויפגעהויבן מעשה דראַמאַטורג אין דער הויפּט ראָלע; און מאָראַליש זיך דערקלערט אַלס רעדאַקטאָר און שוין גענומען דעם געניאַלן געדאַנק אין פּלאַן אַריין! . . .

אַרויסגייענדיק פון דער קיבעצאַרניע, האָט ער זיך געזאָגט: זיין

אָדער ניט זיין! . . . אָך, לעזער, ווען איר זאָלט אים אין יענער פּאָזע געווען זען, וואָלט איר זיכער געמיינט, אַז דאָס איז „האַמלעט” צי גאָר אין גאַנצן אַ משוגענער.

„זיין אָדער ניט זיין” — האָבן די דאָזיקע ווערטער שטענדיק געקלונגען צווישן זיינע ליפּן . . .

גייענדיק אין גאַס, האָט זיך נחום דערמאָנט, אַז ער האָט שוין פון נעכטן אָן קיין ביסן אין מויל ניט געהאַט . . . אין בויך האָט ער געשפּירט הונגער־טעלעגראַמען (געוויינלעך ווי ביי אַלע פּאָעטן). ווען ער איז אַריין אין מילכיקן רעסטאָראַן אויף באַלטימאָרער סטריט, רופט ער אויס צום קעלנער: — ברענגט מיר אַ האַלבן פישל און 2 געקאָכטע אייער, אָבער זיי מוזן זיין פריש! איר פאַרשטייט: „זיין אָדער ניט זיין!” . . .

קוקט אים דער ווייטער אָן מיט פאַרוואונדערונג: וואָס איז דאָס פאַר אַ משוגענער? . . . מסתמא, אַ ניו יאָרקער! וואָרום וויסן זאָלט איר, אַז די ניו יאָרקער חברה, ווען זיי לאָזן זיך אַראָפּ אין דער פּראָווינץ, בלאָזן זיי זיך ווי אַ טוירקי! . . .

28 סענט האָט נחום קוים אויסגעקראַצט פון די קעשענעס און האָט באַצאָלט פאַר זיין מאָלצייט (וואָדען? ער׳ט ניט באַצאָלן?). ער האָט דערנאָך אַרויסגענומען אַ שאַכטל סיגאַרעטן, אין וועלכן ס׳איז נאָך געווען איין סיגאַרעטל און טאַלאַנטיש אַ זאָג געטאָן: — איצט וועל איך פאַרסמוקן מיין לעצטן סיגאַרעט!!! ... דאָס וואָרט „לעצטן” האָט אַזוי געקלונגען ווי די רעלסן פון דער ניו יאָרקער סאָבוויי!...

עטלעכע טעג זיינען פאַריבער. איך גיב אַ קוק, זע איך אָנקומען נחום דעם דיכטער, מיט אַ גרויסן ראַנדיקן קאַפּעליוש, מיט אַ פּאָר דיקע ביינערנע ברילן; אין האַנט האָט ער געטראָגן אַ זשאַנטל אַלאַ צייטונגס־מאַן אָדער אַלאַ גרויסער אַדוואָקאַט!...

— וואָס טוסטו איצט, נחום?

— איך האָב אַ גלענצענדן פּלאַן דערפּילט... איך גיי עפענען אַן אייגענע רעדאַקציע!... איך גיי געבן דער יידישער באַלטימאָרער באַפעלקערונג אַן אייגענע ליטעראַרישע צייטונג!...

זע איך, אַז אונדזער, ווי הייסט עס, אונדזער דיכטער מיין איך, רעדט ניט פון וועג, האָב איך געשמייכלט. —

— אפשר האָסטו אַ גוטע הומאָרעסקע? אַ סקיצעלע? אַ מעשהלע? וויצן? שיק זיי מיר אַריין: — ביי מיר וועלן זיי גיין גלייך אין דרוק אַריין!... אונדזער רעדאַקציע וועט זיין אָן אַ „וויסט בעסקעט" — פע, ווי איך האָס זיי! — זאָגט נחום — ביי מיר וועט איינס־צוויי אַ געדיכט געדרוקט ווערן!...

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט ממש געפּלאַצט פון געלעכטער, אויסהערנדיק די דאָזיקע מעשה פון אונדזער דאָס... פון אונדזער דיכטער, מיין איך.

ענדלעך זאָגט ער צו מיר:

— מיסטער קליין, שטיצט אונדזער פּייפּער; נעמט אַ סובסקריפּ־שאָן פאַר אַ יאָר, סע קאָסט בלויז 2 דאָלאַר...

טראַכט איך זיך: ביליק ווי באָרשטש!... לאָמיך דעם מאַן „געבן אַ שאָו"... — און שרייב אים אָפּ אַ טשעק אויף צוויי דאָלאַר, אַבי זיך פון אים אָפּטשעפּן... עטלעכע טעג זיינען אַוועק — מען רופט מיך אָפּ פון באַנק, איך זאָל שנעל קומען: עפּעס „טראָבל" מיט אַ טשעק אַ „געררייזטן"...

נעמענדיק דעם טשעק אין האַנט, איז מיר געוואָרן פינצטער: אַנשטאָט 2 דאָלאַר האָט דער גרויסער טאַלאַנט דעם טשעק געפעלשט, אויף צוויי הונדערט דאָלאַר, צושטעלנדיק צוויי נולן...

אויף דאָס צווייטע מאָל האָב איך איינגעזען, אַז דער בחור האָט טאַלאַנט, ניט אַזוי גוט צו דיכטן ווי צו פעלשן טשעקס.

# אַ טאָג בוך אַזאַ

באַקאַנט האָב איך זיך מיט איר היינטיקן זומער אין קאָונטרי...
זי איז אַ יונגע מיידל. שיין ווי די זון, מיט אַ שלאַנקער פיגור, מיט ברוינע האָר ווי אמתער זייד, מיט פאַרחלומטע אויגן, וועלכע ווינקען ממזריש.

איר נאָמען איז עמיליאַ.

אַך, עמיליאַ, ווי שיין דו ביסט! וואו ביסטו איצט אין דיזען מאָמענט? אין דער היים זיצסטו אפשר אין דיזען מאָמענט אויף דער סאָפע און לייענסט אַ ראָמאַן? צי אפשר ענטפערסטו מיין ליבעס־בריוו?

עמיליאַ, איך וואַרף זיך אַריין אין וואַסער צוליב דיר! עמיליאַ, איך רייס איבער דעם ברוקלין ברידזש צוליב דיינע אויגן, וועלכע מאַכן מיך וואַנזיניק!...

יעס, איך זע דיר!

איך זע, ווי דו שרייבסט מיר אַ בריוועלע!

יעס, אַ ליבעס־בריוועלע:

מאָנטאָג: היינט בין איך זייער ביזי, איך פאַר „אַפּטאַון" איינקויפן „באַרגיינס". איך מוז שוין האָבן אַ נייע באַקסל פּודער, האָר־נאָדלען, אַ בראַסיער, קרעפּע א. אַ. וו. . . .

דינסטאָג: פּליז, שיק מיר אַריין זאָפאָרט אַ טשעק: די זאַכן, וועלכע איך דערוואַרט מען זאָל מיר זיי שיקן „סי אָ די", וועלן באַטרעפן 18 דאָלאַר מיט 50 סענט!...

מיטוואָך: האָב דאָס געלט דערהאַלטן און איך דאַנק דיר זייער שיין!...

דאָנערשטיק: נייך, איך קען דיך היינט ניט עמפּפאַנגען: איך דערוואַרט היינט אָוונט וויכטיקע געסט, ס'ט קומען אַן אַנדערש מאָל...

פרייטיק: די געסט זיינען טאַקע ביי מיר געווען, אָבער איך בין געווען זייער פאַרנומען ביז שפּעט. מיר האָבן געטאַנצט און גע־

הוליעט, געזונגען און געשפּאַסט און געלאַכט. אַ שאָד, וואָס דו ביסט
איך ניט געווען מיט אונדז!

שבת: זיי ניט דזשעלאָס, קיינע באַיעס האָבן מיך ניט געקושט,
נאָר איינער אַ ברונעטער מיט אַן אויסזען פון אַ ספּאָרט. ער האָט מיר
בלויז געשוואָרן, ער וואָלט מיט מיר אַנטלאָפן ערגעץ אין אַ וואַלד,
נאָר צום אומגליק איז ער אַ פאַרהייראַטער...

זונטיק: איך בין געווען שוין אויסגעפּוצט מיט די נייע קליידער,
געהאַלטן אַ בוקעט בלומען אין האַנט און געוואָלט גיין באַזוכן
מיין האַרציקע עמיליאַ... ווען — — ווען צו דער טיר איז מיין יידענע
דערשינען און מיר געהייסן אויפפּאַסן אויף מיין 5 מאָנאַטדיקער בייבי,
און דער גאַנצער זיסער פּלאַן איז געוואָרן צעשטערט! . . .

# א מעשהלע

עס איז אַמאָל געווען אַ רייכער מאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ זייער גרויס פאַרמעגן. זיין געלט האָט געציילט אין מיליאָנען!...

דער רייכער מאַן האָט ביי זיך געהאַט אַן אַלטן משרת אַ וויצלער, וועלכער פלעגט אים אָפּט לוסטיק מאַכן מיט זיינע שיינע וויצן און הומאָריסטישע שפּיצלעך.

איין מאָל איז דער מיליאָנער געזעסן רואיק אין אַ גרויסן זאַל פון זיין פּאַלאַץ און זיך קיין באַשעפטיקונג ניט געקענט געפינען. ער איז ממש דול געוואָרן, ניט האָבנדיק וואָס צו טאָן, מיט וואָס זיך צו פאַרנעמען... אויפן טיש פון דעם גרויסן זאַל האָבן זיך געפונען שטיקלעך פּאַפּיר, האָט דער רייכער מאַן גענומען אַ שרייבפעדער אין האַנט און זיך אונטערגעחתמעט אויף די שטיקלעך פּאַפּיר — אַן אַ צוועק, אַן אַ שום באַגריף; גלאַט אַזוי זיך שפּילנדיק...

דעם צווייטן טאָג איז דער באַדינער זיינער אַריין אין יענעם צימער אַ ביסל אויפרוימען. האָט ער דערזען די שטיקלעך פּאַפּיר מיט זיין בעל־הבית׳ס אונטערשריפט, האָט ער — דער משרת — אויך גענומען אַ פעדער אין האַנט און אויבן אויף דער אונטערשריפט אָנגעשריבן 100,000 פראַנק, און איז אַוועק אין באַנק און דאָרט דערלאַנגט דאָס צעטעלעביים פענצטערל און זאָפאָרט אָן שאלות האָט מען אים אָפּגעציילט: הונדערט טויזנט פראַנק מזומן...

מיט אַ וואָך שפּעטער האָט דער בוכהאַלטער פון דעם רייכן גביר אים דערלאַנגט אַ גאַנצע רעכענונג מיט באַצאָלטע חובות, און ווי איבעראַשט איז ער געוואָרן, ווען ער האָט דערזען זיין חתימה, אַז די באַנק האָט אָפּגעצאָלט הונדערט טויזנט פראַנק... סטייטש,—האָט דער מיליאָנער אַן אויפגעקאָכטער געשריען — ווען בין איך עס אַזוי פיל געלט שולדיק געווען און איך געדענק גאָרניט אַז איך האָב אימעצן אַזאַ אויפשריפט געגעבן...

— שאַט, בעל־הבית לעבן! — האָט דער משרת געענטפערט — זייט רואיק. דאָס האָב איך דאָס געלט איינקאַסירט פאַר אייער אונטערשריפט אויף דעם צעטעלע...

— ווער האָט עס דיר דערלויבט צו טאָן? אַזוי טוט נאָר אַ שאַרלאַטאַן! — האָט דער גביר זיך געבייזערט צום ווייצלער.

— באַרואיקט אייך, מיין הער! אַז איך האָב געפונען דאָס צעטעלע מיט אייער נאָמען, האָב איך זיך געדענקט, אַז עס איז ווערט ווייניקסטנס 100,000 פראַנק.

# אונטערן פּאַנטאָפֿל

(הומאָרעסקע)

אַ דאַרער, אַ מאָגערער מענטשל דער דאָזיקער נחומצע, וועמען איך וועל דאָ אייך באַשרייבן. איר וועט דאָך ניט מיינען, רבותי, אַז איך האָב אַ טבע יענעם צו באַשרייבן? וואָס פֿאַלט אייך איין? איך בין צו איידל פֿאַר אַזעלכע זאַכן און איך היט אָפּ מיין כבוד מיט אייזערנע קייטן. ווען איך זאָל אפילו געווען באַשאַפֿן אַ יידענע, וואָלט איך פֿון רכילות געווען אַנטלאָפֿן, נאָר ס'איז פּשוט כדאי דעם דאָזיקן נחומצען פֿאָרשטעלן פֿאַר מענטשן. ווייל וויסן זאָלט איר, אַז צווישן מענטשן וועט איר דעם דאָזיקן פֿאַרשוינדל ניט זען! ממש זיין ווייב לאָזט אים נישט צו...

יאָ, אַז מיר האַלטן שוין ביי דער ווייב, הערט זשע, פּליז, ס'אַ ווייב דאָס איז: אַ הויכע, אַ שלאַנקע מיט אַ בויגיקער פֿיגור, מיט אַ פּאָר פֿלאַמענדיקע אויגן! — זי אַקעגן אים ווייזט אויס, ווי דער ניו יאָרקער סאָבוויי אַקעגן דער באַלטימאָרער סטריט קאַר!

— נחומצע! — גיט זי אַ דונער אַרויס, — דאָ אין הויז וועסטו בלייבן. שפּאַן זיך איין אין אַ פֿאַרטוך און וואַש איבער דאָס געפּעס!

נחומצען ווילט זיך אַזוי וואַשן די דישעס, ווי מיר אַרונטערצושפּרינגען פֿון דער וואָולוואָרט בילדינג. נאָר אַז דאָס ווייב וויל, איז עפּעס אַ קשיה?

— סטייטש, ברײַנדל, איך האָב היינט אַ מיטינג; איך מוז באַצאָלן דיוס, אַלאַ ניט, ווער איך אויסגעשלאָסן פֿון לאָדזש!

דערהערנדיק די דאָזיקע רייד, האָט ברײַנדל אים תיכף געהייסן זיך איבערטאָן און שוין גיין אין לאָדזש...

— נחומצע, ביסט אַ שוואַכער מענטש. היינט־מאָרגן, ווער ווייסט, אַ מענטש האַלט זיך דען אין די הענט? יאָ! יאָ! גיי! שטאַרבסטו, חלילה, בלייב איך איבער אויף די גאַסן אָן הילף מיט פּיצעלעך קינ־

דער... נעם גיי שוין און באַצאָל די דיוס. אָט האָסטו דריי דאָלאַר און באַצאָל פאַר צוויי מאָנאַט אין פאָראויס!

נחומצע האָט גענומען די דריי דאָלאַר, איז אַרויס פון הויז אַ צופרידענער און פרייער אָפגעאָטעמט.

אין לאָדזש גיין? זי וויל איר טובה, וויל זי. נחומצע, ביסט אַ פרייער מענטש אויף עטלעכע שטונדן, לעב אַ גוטע שעה...

ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען דעם סענטשורי טעאַטער, האָט זיך אים פאַרוואָלט דאָרט אַריינגיין. אויפן פּאָסטער האָט ער דערזען, אַז היינט שפּילט נאַזימאָווא אין „קאַמיל". טראַכט ער זיך: לאָמיך אַריינגיין. אין פּאַקעט האָט מיר מיין יידענע מיטגעגעבן.

איז ער צוגעגאַנגען און זיך געקויפט אַ בילעט און, ווי אַ פּראַנט, זיך אויף אַ פּלאַשענער שטול אַוועקגעזעצט.

נאַזימאָווא האָט געשפּילט „קאַמיל". אין דיזער פּיקטשור זיינען פאַראַן פּיקאַנטע סצענעס... ליבעס־סצענעס... זע נאַר, ווי זי האַלדזט אים, דעם יונג! — האָט נחומצע געברומט צווישן די ליפּן — אָט דאָס הייסט אַן אשת חיל! דאָס הייסט נחת פון אַ ווייב!...

ס'איז געוואָרן דער זייגער 12 און... אויס נחת! — איצט מוז מען אַהיים גיין. אוי, די ווייב! ברײַנדל!... אַ ווייטאָג אין איר!... האָט זיך נחומצע געטראַכט און געציטערט פאַר שרעק. — נאַר וואָס זאָל מען טאָן? איכל איר דערציילן, אַז איך בין טאַקע געווען אין לאָדזש און זי וועט מיר גלויבן.

אַ יידענע קען מען תיכף איינרעדן, אָבער ניט ברײַנדלען! און ניט אַזאַ נפש ווי נחומצע!

אָנגעקומען אַהיים, איז געווען שטיל... ראַפּטאַם איז ברײַנדל אויפגעשטאַנען און איבּ געמאַכט אַ שוואַרצן סוף.

— כ'האָב דיר געהייסן גיין אין לאָדזש באַצאָלן די דיוס, אָבער ניט דאָרט זיך אַוועקזעצן ביז ענדע! יאַלדאַק איינער! וואָס ביסטו דאָרט אַזוי לאַנג געזעסן? קענסט דען מאַכן „מאָושענס"? קענסט דען עפּעס ריידן? גיב אַהער דאָס ביכל, זאָג איך דיר, איך וויל אָקערשט זען, צי האָסטו באַצאָלט!...

נחומצע שווייגט. נחומצע רירט זיך ניט פון אָרט.

## שבת נאָכ'ן קוגל

ברײנדל איז צוגעגאַנגען מיט שנעלע טריט צו איר מאַנס אויבער־ראָק און געזוכט, און האָט טאַקע געפונען...

וואָס האָט זי געפונען? דאָס ביכל פון דער לאָדזש? נאָוסער! דעם טעאַטער אַנאָנס, אויף וועלכן עס איז געווען די פּיקטשור פון דער נאַקעטער אַקטריסע!

און נחומצע איז ווידער געלעגן אונטערן פאַנטאָפל . . .

# „פיקסן״ אַ זייגערל . . .

(אַן אָריגינעלע מעשהלע דערציילט פון אַ זייגערמאַכער)

קומט צו מיר אַריין אַ יידל מיט אַ שפּיציק בערדל, מיט אַ שטענ־דיקן שמייכל אויף די ליפּן, שטעלט אַוועק דעם שירם אין אַ ווינקל, הוסט זיך אויס און זאָגט: — מיסטער, איר פיקסט זייגערלעך אויך?

— יעס, — ענטפער איך, — אַ זייגערמאַכער פיקסט זייגערלעך...

— איך פאַרשטיי, — ענטפערט דאָס יידל — איך פרעג, ווייל עס זיינען פאַראַן זייגערמאַכערס, וואָס „פיקסן״ זייגערלעך, ס׳הייסט פיקסן פיקסן זיי טאַקע די זייגערלעך, נאָר זיי פיקסן ניט! אָבער דאָס איז שוין ניט מיינע ביזנעס!... מיך האָט מען צו אייך רעקאָמענדירט דאָס איר פיקסט גוט די זייגערלעך, דאָס הייסט מיט אַ גאַראַנטיע אויף אַ יאָר אין...

— מיסטער, — זאָג איך צו אים — נעמט ניט צופיל מיין צייט אַוועק. איר האָט אַ זייגערל צו פיקסן, צו וואָס?

— אָט טאַקע וועגן דעם וויל איך דאָך אייך דערציילן, דאָס הייסט מכוח פיקסן מיין זייגערל. שטעלט אייך פאָר, איר זעט דאָס דאָזיקע זייגערל. דאָס איז שוין געפיקסט געוועזן עטלעכע מאָל אין פאַרלויף פון 2 יאָר. איינער אַ זייגערמאַכער, אַ ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד, האָט עס שוין אויך געהאַט געפיקסט, איז דאָס אַזוי פיין געגאַנגען, אַז ס׳איז גאָר אין גאַנצן „אַוועקגעגאַנגען״. ס׳זאָגט זיך, „אַוועק־געגאַנגען״. אַנומלט גלוסט זיך מיר צו פאָרן קיין ניו יאָרק, זיך זען דאָרט מיט מיינער אַ קוזינע. זי קומט פון יוראָפּ; שוין זיך ניט געזען מיט איר אַ סך יאָר, און אַז איך האָב געהערט, אַז זי איז געקומען קיין אַמעריקע, האָב איך זיך שנעל אויסגעפּוצט מיט די נייע מלבושים און מיט דעם דאָזיקן זייגערל און געפאָרן קיין ניו יאָרק, זי וואוינט אַזש אין די בראָנקס, בין איך געפאָרן, הייסט עס, אין „סאָבוויי״, ס׳איז דאָרטן געוועזן זייער געפּאַקט מיט מענטשן און פלוצים פיל איך, ווי איינער פאַרעט זיך ביי מיר אין די קעשענעס. איך קוק מיך אַרום —

ניטאָ דאָס זייגערל!... איך מאַך אַ גוואַלד און ס׳האָט זיך גראָד גע־מאַכט אַ דעטעקטיוו, האָט ער באַמערקט, ווי דער „לויפער״ האָט ביי מיר אָוועקגעלאַטכנט דעם זייגערל... וואָס האָט איר דאָ צו קלערן? איך האָב דאָס זייגערל צוריקגעקראָגן...

— מיסטער — ברעך איך אים אונטער — איר האָט דאָך געזאָגט, איר ווילט זיך לאָזן פיקסן אייער זייגערל ביי מיר, וואָס־זשע גייט מיך אָן די דאָזיקע מעשה? . . .

דאָס יידל האָט אַרויסגענומען אַ פּאַטשיילע זיך אויסגעווישט די אויגן־גלעזער און מיר דערלאַנגט פון זיין וועסטל דאָס זייגערל און געזאָגט: — איר זעט? דאָס איז דאָס דאָזיקע זייגערל! אַיאָ, אַן אַנטיק? איך טראָג עס שוין אַ 12 יאָר, דאָס האָט מיר מיין שווער אַ מתנה געגעבן, ווען איך בין אַ חתן געוואָרן פאַר מיין ג״ז שיינדל.

— איר זייט אַן אַלמן? — פרעג איך אים.

— אַ „שטרויענער אַלמן״ — ענטפערט ער מיר אוןווישט אַ טרער... — געוועזן אַזוי גוט צו איר, איר יעדן פרייטיק אַהיים געבראַכט די „פּעי״, אַרבעטן אַרבעט איך ביי סיגאַרן אין אַ פעקטאָרי, אַרבעט סטעדי. איינמאָל זאָגט זי צו מיר: — זעליג מענדל, ס׳איז אַ גרויסער יקרות, לאָמיר אַריינגעמען אַ באָרדער, מיין קאָזין. און זי איז מיט אים אַנטלאָפן און מיך איבערגעלאָזט... איצט בין איך ניט אַהין און ניט אַהער!... אַז ווי איז צו מיין לעבן! אויף די עלטערע יאָרן גע־וואָרן אַ באָרדער, איך, אַ מענטש געוועזן, אַליין אַ בעל־הבית; געמאַכט אַ לעבן מיט לייטן גלייך, וואָס האָט איר ביי מיר געפעלט? זאָגט אַליין, האַ? לאָמיך הערן!...

איך האָב געצויגן מיט די אַקסל און זיך געמאַכט „ביזי״ ביי מיין וואַרשטאַט און געלאָזט דעם יידל, דעם אָנשיקעניש, פּלאַפּלען און ער האָט ווידער דערציילט:

— איצט שרייבט זי מיר, זי וויל זיך מיט מיר איבערבעטן און וויל צוריקקומען! וואָס זאָגט איר? איר מוחל זיין? אייך איז לייכט צו זאָגן מוחל זיין... אָבער דער בזיון? די שאַנדע, וואָס זי האָט מיר אָפּגעטאָן...

איך בין שוין געוואָרן אויפגערעגט און האָסטיק צום יידל געזאָגט:
— מיסטער לעבן, לאָזט מיך אַרבעטן, מיין צייט איז געלט!...
דאָס יידל האָט זיך אַנטשולדיקט: — אָלראַיט! אָלראַיט! ווען וועט דאָס זייגערל זיין פאַרטיק?
— קומט נעקסטן שבת צו נאַכטס!
ווען דאָס יידל איז געקומען אָפּנעמען דאָס געפיקסטע זייגערל, האָב איך זיך געהייסן באַצאָלן 5 דאָלער...
— סטייטש, וואו איז יושר?! — האָט ער פּראָטעסטירט.
און איך האָב אים געענטפערט:
— 3 דאָלער פאַרן פיקסן דאָס זייגערל; און 2 דאָלער פאַר דער צייט, וואָס איר האָט ביי מיר לעצטע וואָך אַוועקגענומען, ווען איר האָט מיר דערציילט אייער מעשה...

# אַ גאַסט צום סדר

נפתלי צוויבאַק איז מיינער אַ לאַנדסמאַן. ווען עס איז געקומען ערב פּסח, האָב איך אים צו זיך ווי געוויינלעך איינגעלאַדן, צוזאַמען פּראַווען דעם סדר.

נפתלי רופט מיך אָפּ ביים טעלעפאָן און זאָגט מיר אָן, איך זאָל אַלץ אָנגרייטן אויסער וויין. וויין, זאָגט ער, וועט ער שוין ברענגען.

איך בין געווען צופרידן און זיך אויף אים פאַרלאָזט. ענדלעך האָט זיך אָנגערוקט די ערשטע סדר נאַכט, מען קומט שוין פון שול און איך גיב אַ קוק, נפתלי איז נאָך נישט געקומען. וואָס זאָל דאָס זיין? — ווייסט דאָך שוין זיינע שטיק — ענטפערט מיין ראָזא — ער וועט קיינמאָל ניט קומען אין צייט... — מיר האָבן געוואַרט. ס'איז געוואָרן שפּעט און מיין לאַנדסמאַן איז נאָך ניט דאָ... פּלוצים הער איך קלאַפּן אין טיר, איך עפן און — נפתלי קומט אַריין!...

— גוט יום־טוב! גוט יאָר! — איך קוק זיך איין: נפתלי איז מיט ליידיקע הענט!...

— וואָס הייסט דאָס גאָר? — פרעג איך.

— וואָס, משוגע בין איך? אַוועקגעבן אַן אוצר פאַר אַ ביסל וויין, וואָס איז ניט מער ווי איבערגעקאָכטע ראָזשינקעס מיט צוקער? נאָוסער! — זאָגט ער.

— ניט ביי מיר וועלן זיי שינדן די הויט!...

— סטייטש, ווי קען מען אָפּריכטן אַ סדר אָן וויין?

— מיר וועלן טרינקען לעמאָנאַדע אַנשטאָט וויין, — זאָגט נפתלי— מיר וועלן שפּאָרן געלט, אי מיר וועלן זיין פּאַטריאָטן און אָפּהיטן די גזירה!...

מיר האָבן מיט גרויס פאַרגעניגן געזאָגט די הגדה. די צייט איז זיך געגאַנגען און אָט האַלטן מיר שוין ביי די באַטעמטע קניידלעך און מיר פאַרטרינקען מיט לעמאָנאַדע.

ווען מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט דעם סדר, איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט.

נפתלי איז אַהיים געגאַנגען, געעפנט די טיר און זיין הונט איז אים אַנטקעגן געשפּרונגען, שטאַרק געהאַווקעט און אים אַ ביס געטאָן.

דער הונט האָט דאָס מאָל זיין באַס ניט דערקענט: דאָס ערשטע מאָל איז זיין בעל הבית אַהיים געקומען פּסח אַ ניכטערער!

# דאָס מעסערל

(מאָנאָלאָג)

האָט מיר גאָט באַשערט אַ מעסערל, אַן אַנטיקל, אַ וואוילס, אַ גוטס, אַ פיינס, הכלל — מיט אַלע מעלות!...

מיינט איר אפשר, יידישע קינדער, אַז די דאָזיקע מעשה מיטן מעסערל איז אַן אויסגעטראַכטע פאַנטאַזיע? האָט איר, זאָלט איר ווינסן זיין, אַ היפשן טעות!...

די דאָזיקע מעשה מיטן מעסערל איז אַן אמתע מעשה, וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר אַליין, מיטן שרייבער פון די דאָזיקע פריי־לעכע שורות!... הלוואי וואָלט די געשיכטע מיטן מעסערל מיט מיר ניט פּאַסירט!... וואָס האָט עס פּלוציִם געוואָלט זיך אין מיר אַנ־טשעפּן? אַז איך זאָל איבער דעם דאָזיקן מעסערל ווערן בעל־הבית? האָט עס שוין אין גאַנץ באַלטימאָר קיין בעסערן בעל־הבית ניט געקענט זיך אויסקלייבן? וואָס האָט, איך בעט אייך, דאָס דאָזיקע מעסערל ביי מיר אַזוי נושא חן געווען, אַז איך זאָל נאָר אויף דעם אַ קוק טאָן און ס'זאָל מיר — דאָס דאָזיקע מעסערל — אַזוי געפעלן?

גלויבט מיר, איך האָב אַ סך מעסערלעך אין מיין לעבן גע־זען, נאָר איר ווייסט ניט ווי מען זאָגט: אַז ס'איז אייך באַשערט אַן אומגליק, מעגט איר זיך היטן און ס'וועט אייך דאָך טרעפן!...

דאַרף זיך מאַכן, אַז אַ דייטש אַ סטאָליער זאָל אָננעמען אַרבעט אין אַ סיגאַר סטאָר, וואו עס געפינט זיך אויך אַלערליי אַנטיקן, ווי מוזיקלעך, פּייפּעלעך, שפּילצייג און . . . מעסערלעך!

דער דאָזיקער סטאָליער האָט דאָרט געאַרבעט עטלעכע טעג, ער האָט דאָרט געפּיקסט ראָפּטן און אים האָט זיך פאַרגלוסט צו־צולאַטכענען מעסערלעך, זאָלט איר שוין געווען זען, ס'אַ מעסערל דאָס איז געווען!... מיט שטאָלענע קלינגלעך, האָט אויך פאַרמאָגט אַ שערעלע, אַ קאָרק־ציער, אַ נעגל־פּיילער, מיט איין וואָרט — דאָס דאָזיקע מעסערל איז געווען אַ כל־בוניקל: מיט אַלע מעלות!

קומט צו מיר אַריין דער דייטש און צייגט מיר עס. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין תיכף אין דעם דאָזיקן מעסערל פאַרליבט געוואָרן! אַזאַ טבע האָב איך שוין. דערזע איך עפּעס אַ זאַך, וואָס געפעלט מיר, פאַרליב איך זיך תיכף ומיד! און אַזוי ווי איך בין אין מעסערל פאַרליבט געוואָרן, ווייל איך האָב שוין לאַנג געגלוסט צו האָבן אַזאַ אַנטיקל, בין איך צוגעשטאַנען צום דייטש, ער זאָל מיר דאָס מעסערל פאַרקויפן! . . .

אָפּגעקויפט דאָס פון דעם דייטש, האָב איך געטראַכט, אַז ס׳וואָלט בעסער געווען איך זאָל עס אַרויסשטעלן אין פענצטער און פרואוון פאַרקויפן (אַ ייד זוכט דאָך אַ פּאַרדינסטל).

עס גייט ניט אַוועק קיין צוויי טעג, קומט אַריין אַ מאַן און הייסט זיך צייגן דאָס „כל־בוניקל״, דאָס מעסערל הייסט עס, און באַטראַכט עס פון אַלע זייטן און לייגט עס אַריין אין קעשענע, און דערציילט מיר אַ מעשה, אַז ער איז אַ דעטעקטיוו און דאָס מעסערל איז אַ געגנבעטס! . . . אַ קאַרפּענטער האָט געאַרבעט אין אַ סיגאַר סטאָר און האָט דאָרט אַוועקגעלאָטכענט אַ סך אַזעלכע מעסערלעך!... און איך זאָל אַזוי גוט זיין און קומען אין געריכט... מכוח דעם וואָס מען האָט ביי מיר געפונען איינעם פון די מעסערלעך וואָס דער דייטש האָט מיר פאַרקויפט. און אַ דאַנק מיר וועט די פּאָליציי קענען דערגיין פון דעם דייטש מיט דער גנבה!...

איאָ, אַ פיינע מעשה?...

איצט הייבט זיך אָן אַ מעשה פון גיין אין געריכט אַלע מאָל, זאָגן עדות, אַז איך האָב געקויפט דאָס מעסערל פון דעם דייטש און אַלע מאָל ברענגט מען מיר צו טראָגן אָן אַנדערן „גנב״ און מען פרעגט מיך, צי איך דערקען אים. איך באַטראַכט אַלע מאָל אָן אַנדערן „גנב״ און קען זיך ניט דערמאָנען ווי אַזוי יענער גנב האָט אויסגעזען...

גיי דערקען אַ מענטשן, אַז איך האָב אים איינמאָל געזען, מען דאַרף דאָך האָבן אַן אייזערנעם מוח דאָס צו געדענקען!...

אפשר האָט איר עפּעס אָן אַנטיקל אַ מעסערל, זייט אַזוי גוט און פאַרקויפט עס אָן אַנדערן!...

# מיין קאַמף

נאָך אַ לאַנגן, שווערן אַרבעט פון פילע יאָרן, האָב איך ענדלעך באַשלאָסן נעמען וואַקיישאַן.

וואוהין פאָרט מען אוועק אויף עטלעכע וואָכן? פלאָרידא — שוין געווען; קאַליפאָרניע, קאַנאַדע — איבעראַל געווען, אַלעס געזען. אַזוי האָב איך זיך געטראַכט (אַרומשפּאַצירנדיק איבער די גאַסן פון דער רוישנדער שטאָט. מיר איז אַריין אין געדאַנק: אפשר וואָלט איך זיך אַריבערגעכאַפּט קיין לאָנדאָן? די גרעסטע שיף אין דער וועלט מאַכט די רייזע אין פיר טעג. אַ שיינע שיף. דער רייץ איז גרויס. שוין לאַנג ניט געווען אין אייראָפּע. זאָל איך זען ווי דער אַלטער קאָנטינענט זעט איצט אויס.

און אָט שפּאַציר איך אַרום מונטער און לוסטיק איבערן דעק פון דעם פּראַכטפולן דאַמפּפער „קווין עליזאַבעט." אַלע פּאַסאַזשירן וואַרטן מיט גרויס אומגעדולד די שיף זאָל לאַנדן אין פּאָרט.

ס'איז מיטוואָך, 12 אַזייגער בייטאָג. מיר זיינען אין לאָנדאָן. . . . איך באַוואונדער די גרויסע שטאָט. איך שטעל זיך אָפּ אין דעם פּרעכטיקן האָטעל „לוקסאָר." פון דער ווייטנס באַמערק איך מענטשן, וועלכע קוקן מיט פאַרדאַכט אויף מיר. . . אייניקע זאָגן: אַזאַ ענ־לעכקייט! אַזוי נאַטירלעך! אַ מענטש זאָל האָבן דאָס זעלבע פּנים!

איך גיי צו צו אַ באַאַמטן פון האָטעל און איך פרעג: פּליעז, זאָגט מיר וואָס האָט מען עס אויף מיר אַזוינס דערזען וואָס מענטשן קוקן אויף מיר? — האָב איך דען הערנער? דאַכט זיך אַ מענטש ווי אַלע מענטשן בין איך!

— ניין — זאָגט ער מיר — איר זיינט ניט אַ מענטש ווי אַלע מענטשן. איר זיינט פאַרדעכטיקט. . . איר זיינט. . .

— וואָס בין איך? — פרעג איך שוין מיט אומגעדולד.

— איר זיינט — שטאָמלט ער — אַזוי ענלעך צו . . .
— צו וועמען? — בין איך שוין נייגעריק.
— צו אים . . . צום „פירער" — ענטפערט ער.
— צום „פירער"? — זאָג איך אַ באַליידיקטער.
— איר מיינט אפשר צו אַדאָלפ'ן?!
— יעס! יעס! קוקט אין שפיגל און איבערצייגט איך אַליין. . . .

איך קוק אין שפיגל. איך וואונדער זיך: יעס, איך בין טאַקע אַביסל ענלעך . . . איין מענטש איז פאַראַן אויף דער וועלט וואָס איז ענלעך? איין מענטש טראָגט עס אַ קליינע מוסטאוש?

— אָבער אייער האַלטונג, מיין הער — זאָגט צו מיר דער האָטעל אַנגעשטעלטער — אייער האַלטונג, אייער אַראָגאַנץ, אייערע מאַניערן, זיינען זייער אויפפאַלנד.

— אַלע חלומות צו אייערע קעפּ! — ענטפער איך אַ באַליי־דיקטער. — דאָס איז מיין נאַטור. אַזוי טו איך, אַזוי רייד איך, אַזוי פיר איך זיך אויף ווען איך בין אויף אַ רייזע. די איבעראַשונג, דאָס אונגעדולדיקייט — ס'אַזאַ שוואַכקייט ביי מיר...

— בעסער גייט צו דער פּאָליציי זיי זאָלן אייך געבן אַ „לייב באַ־גלייטער". . . אַז מען וועט אייך זען אין גאַס וועט יעדער איינער אייך אַרומרינגלען און באַפאַלן. מען וועט שווערן אַז איר זיינט „אַדאָלף".

איך גיי אַריין אין מיין האָטעל צימער. איך ציטער. און איך טראַכט זיך: אפשר איז טאַקע מיין אויסזען אַ געפאַר? איך קוק ווידער אין שפיגל. . . . איך וועל אפשר אָפּראַזירן מיין מאָסטאַזש? ניין, דאָס טויג ניט. דאָס בילדל אויף מיין פּאַספּאָרט ציינט אַ מאָס־טאַזש. צוריקקומענדיק קיין אַמעריקע וועט מען מיר דערפאַר נישט אַריינלאָזן, אַז איך וועל אַנדערש אויסזען ווי אויפן בילד.

איך שפּאַן אַרום איבערן צימער אַ נערוועזער — קען זיך קיין עצה ניט געבן. . . . ענדלעך איז מיר אַ געניאַלער געדאַנק אַריין אין קאָפּ. איך גיי אַרונטער אין גאַס, שטעל אָפּ אַ טעקסי, הייס זיך צופירן צו נומער 10 דאונינג סטריט. דאָרט וואוינט דער פּראַים־מיניסטער טשוירטשיל. איך קלינג אָן דאָס גלעקל. מען עפנט מיר. אַ דינער

דערשרעקט זיך . . . ער ציטערט אויף און פרעגט מיר וואָס עס איז מיין פאַרלאַנג. איך ענטפער אים: איך וויל זען דעם „פּראַים־מיניס־טער.״ דער דינער לאָזט מיר אַריין. איך וואַרט אין זאַל און דערהער פאָלגנדן געשפּרעך:

— ווער וויל מיר זען? — פרעגט טשוירטשיל.

— אַדאָלף היטלער!

טשוירטשיל: וואָס? דו ביסט משוגע? מאַכסט שפּאַס?!

דינער: נאָו, סער! קיין שפּאַס! דאָס איז ער, אַדאָלף!

טשוירטשיל: דאָס קען ניט זיין — אַדאָלף היטלער איז שוין לאַנג טויט!

דינער: אָבער, מיין הער, ער איז דאָ! איבערציינגט אייך!

ווינסטאָן טשוירטשיל עפנט פּאַמעלעך די טיר און קומט אַריין אין דעם זאַל וואו איך בין געזעסן אין גרויס אַנגסט. נאַר, אַ שרעקעדיקער פון דער נאַטור בין איך גראָדע ניט. וואָס האָב איך אַזוי מורא געהאַט? אַן אַמעריקאַנער סיטיזן בין איך? אַ לעגאַלן פּאַספּאָרט האָב איך? אי, וואָס איך בין אַזוי ענלעך צו אַדאָלף'ן — דאָס איז דאָך נישט מיין שולד!

טשוירטשיל, מיט קליינע טריט קומט צו מיר צו. גיט מיר די האַנט, מעשה פריינדלעכקייט. ער קוקט זיך גוט איין אין מיר . . .

איך באַמערק ווי ער איז אַביסל נערוועז. דער אַש פון זיין ציגאַר פאַלט אויפן טעפּיך. איך מאַך אים אויפמערקזאַם. ער באַרואיקט זיך. . . . ער זעצט זיך נעבן מיר. דערלאַנגט מיר אַ ציגאַר און מיר רויכערן ביידע . . . ער קלינגט אָן און אַ דינער ברייננגט אַריין אויף אַ טאַץ אַ פלעשל מיט אַ פּאָר גלעזלעך. מיר מאַכן ביידע אַ לחיים. . .

טשוירטשיל ראָט מיר בעסער פאַרלאָזן ענגלאַנד ווי שנעלער. ער רופט אָפּ אויפן טעלעפאָן דעם „עיר פּאָרט״ מען זאָל מיר צושטעלן גלייך אַן עראָפּלאַן און איך בין שנעל אָפּגעפלויגן צוריק קיין ניו יאָרק!

אָנגעקומען אין דער איסט סייד ניו יאָרק, בין איך שנעל אַריין אין אַ באַרבער שאַפּ און זיך אָפּגעראַזירט דעם פאַרפלוכטן מוסטאַזש און גענומען דעם סאָבוויי און שנעל אַהיימגעפאָרן אין די בראָנקס.

מאָריס קליין

מיין ווייבל, ווען זי האָט מיר דערזען אין אַ נערוועזן צושטאַנד אָן אַ מוסטאַזש, האָט געוואַלדעוועט און אָן לשון האָט באַלד אַריבער־גערופן דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט געמאַכט אַ דיאַגנאָז אַז איך, דער „חולה," לייד פון אַזאַ קרענק וואָס רופט זיך אין דער מעדיצינישער שפּראַך . . . „מאַניאַ דע לאַ מוסטאַטשיאַ היטלעריאַנאַ" . . .

# אַ מעשה מיט אַ ציגיינער

— האָט ווער פון אייך ווען געזען אַ ציגיינער? אַן אָרעמאַן? אַ פאַרוואָגלטן? אַן אייביקן וואַנדערער? אַ פאַרפּאַלגטן?...

געקענט האָב איך איינעם אַ ציגיינער. אַ הויכער, מיט לאַנגע האָר, וואָס העגגען אַרונטער איבער זיין דאַרער בייניקער פּלייצע; זיינע קליידער — טראַנטעס, און זיין שטערן איז געווען איינגע־קאָרטשעט. ווען איר וואָלט דעם דאָזיקן ציגיינער באַטראַכט, וואָלט איר אויף זיין פּנים געלעזן זיין גרויס עלנט. זיינע טיפע ליידן, זיין אייביקן קאַמף פאַר אַ שטיקל ברויט!...

געלעבט האָט דער דאָזיקער ציגיינער אויף אַ פעלד און דער־נערט זיין פאַמיליע, אַ פרוי מיט 8 קינדער, פון גנבענען עופות, אָדער פאַרקויפן צייטנווייז אַלטע געפונענע פּאָדקאָוועס.

איינמאָל אין אַ טאָג איז ער געזעסן פאַרטראַכט, פאַרטיפט אין געדאַנקען און געקלערט: וואו נעמט מען היינט אויף ברויט? . . .

— געננוג שוין אַזוי פיל ליידן, — האָט ער האַסטיק אַ זאָג געטאָן צו זיין פרוי, דער ציגיינערטע, — איך וועל זיך אַוועקלאָזן אין דער וועלט צופוס, איך וועל אַזוי לאַנג וואַנדערן, ביז איך וועל זיך מיט גאָט באַגעגענען און אַן הקדמות וועל איך זיך מיט אים גוט צעקריגן און אויך מיט אים זיך דורכשלאָגן! . . .

די ציגיינערטע האָט אים מיט שרעק אָנגעקוקט, מיינענדיק אַז ער איז פון זינען אַרונטער. — וואָס רעדסטו? דענקסט, אַז גאָט איז דאָרט, וואו דו ווילסט אים טרעפן? צלם זיך בעסער איבער, נאַר איינער, און דערמאָן ניט גאָטס נאָמען אין אַ צייט, ווען דו ביסט אַזוי אויפגערעגט!

— אָבער וואָרום לאָזט ער מיך מיט מיין פאַמיליע אויס־שטאַרבן פון הונגער? וואָס פאַר אַ גערעכטיקייט טוט ער מיט דעם? אייניקע גיט ער צופיל און אַנדערע גאָרנישט! מיר שטאַרבן דאָך פון הונגער! נעם שנעל פאַרבאַרייט מיר צו אַ „מאַלאַי", דאָס זאָל

מיר צום עסן דינען אויף דעם וועג! שנעלער מאַך איך זיך פאַר־טיק און וועל זיך לאָזן אין וועג אַריין!...

און געגאַנגען איז דער ציגיינער שטונדן לאַנג ביז ער איז אָנ־געקומען צו אַ פעלדז. דורשטיק און הונגעריק איז ער געווען, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און געפּראַוועט זיין אָרעמען מאָלצייט...

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין מאָלצייט, האָט ער אויף זיין ציגיינערישן לשון אַ זאָג געטאָן: „לא דראקו קו אשא אַ וויאַ־צאַ!"... (דאָס הייסט: צום טייוול מיט אַזאַ אַרט לעבן). ביי דיזע ווערטער איז פון דער לופטן דערשינען אַן אַלטער זקן מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד: — דאָס איז געווען גאָט, וועלכער איז דערשינען נעבן ציגיינער אין געשטאַלט פון אַ מענטש!....

— וואָרום אַזוי פאַרזאָרגט, סאַשאַ, — האָט גאָט דעם ציגיינער געפרעגט.

— וואָרום זאָל איך ניט זיין פאַרזאָרגט? אַז מיר שטאַרבן אַלע פון הונגער דריי מאָל אַ טאָג.

— איך וועל דיך באַשענקען מיט אַ מתנה, אַז וועסט מיך אייביק געדענקען.

— אַ מתנה? — האָט זיך דער ציגיינער געוואונדערט — ווייז מיר בעסער אַ וועג, ווי איך זאָל קענען אַ לעבן מאַכן פאַר מיר און מיין געזינדל.

— גוט! איך וועל דיר שענקען אַ פערד, אַ צויבער־פערד — און גאָט האָט תיכף מיט דער האַנט אַ מאַך געטאָן און אַ שניי ווייס פערד איז דערשינען — זעסטו דאָס דאָזיקע פערד? — האָט גאָט געזאָגט — דאָס וועט דיר אויף דיין גאַנץ לעבן פרנסה געבן. זאָלסט זאָגן צו אים עטלעכע ווערטער און פון זיין מויל וועט נעמען פליסן גאָלד מיט זילבער! . . .

דער ציגיינער איז ביי דיזע רייד ווייכער געוואָרן (ווי יעדער מענטש, ווען ער הערט פון גאָלד און זילבער). —

און גאָט האָט אַזוי געזאָגט: —

— יעדע צייט, ווען דו וועסט זיך נייטיקן אין געלט, זאָלסטו די דאָזיקע ווערטער צום פערד זאָגן:

פערדעניו קליינינקע!
עפן דיין מויל שיינינקע
גאָלד מיט זילבער זאָל איצט פליסן
פון קיין גויט זאָל איך ניט וויסן! —

עס האָט דערנאָך אַ בליץ געטאָן און דער הימל איז באַדעקט געוואָרן מיט דיקע וואָלקנס — און גאָט איז אין הימל פאַרשוואונדן געוואָרן. ווען דער ציגיינער האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט ער שוין דעם זקן, וואָס האָט אים אַזוי באַצויבערט, ניט געזען און נעבן אים איז געשטאַנען אַ ווייס פערד און אויף דער ערד איז געלעגן אַ באַרג מיט רענדלעך!

— ס׳אַראַ גליק מיך האָט איצט געטראָפן! — האָט זיך מיט שמחה סאַשאַ געפרייט, — איצט וועל איך שוין פון קיין גויט ניט וויסן, איצט וועל איך שוין לעבן מיט לייטן גלייך. — און איז אַהיים געפאָרן, רייטנדיק אויף דעם פערד, ער האָט אויסגעזען ווי „יענקי דודל וואָס וואוינט אַפּ־טאַון און פאָרט זיך אויף אַ פערדל!״

ווען ער האָט געריטן אַ היפּשע שטרעקע, איז ער געקומען נאָענט צו זיין מחותנס הויז און זיך געטראַכט, ער וועט אַריינגיין צו אים, — זאָל דער מחותן אויך האָבן תענוג פון זיין אײדעם! ער האָט געקלאַפּט אין טירל און, ווען דער מחותן האָט אים דער־זען, האָט ער זיך געריבן די אויגן און ניט געגלויבט וואָס ער זעט: זיין אײדעם, אַ זיבן־גאָרנדיקער קבצן, רייט אויף אַ פערד און האָט פולע קעשענעס מיט גאָלד???... — בלייב דאָ איבערנעכטיקן — האָט ער אים געוואָרנט — ס׳איז שוין נאַכט און אַז מען וועט דיך זען מיט דעם פערד, וועט מען דיר ניט גלויבן, אַז גאָט האָט דיך באַשאָנקען, מען וועט ניט אַנדערש מיינען, אַז האָסט עס געגנבעט!

— טאַקע רעכט, — זאָגט דער ציגיינער, — איך וועל דאָ איבערנעכטיקן. און דער מחותן האָט איב אויסגעבעט מיט שטרוי און גענומען דאָס פערד און עס אין שטאַל איינגעשפּאַרט...

דער ציגיינער איז געשלאָפן געשמאַק און געכראָפּעט. אין דער פרי איז ער אַהיימגעגענגען מיט דעם פערד און ווען זיין משפּחה

האָט אים דערזען, האָבן זיי זיך שטאַרק געפרייט: אַזאַ גליק! אַזאַ גליק! . . .

סאַשאַ האָט דערנאָך געקויפט אַ הויז און עס פיין אויסמעבלירט און געלעבט אין כבוד און אין נחת. און יעדע ווײַלע געגלעט דאָס פערדעלע, וואָס גאָט האָט אים געשאָנקען אַלס מתנה.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן איז צוגעקומען בײַ זײַן טיר אַן אַלטער מאַן מיט אַ ווײַסער באָרד און אין צעריסענע קליידער. דאָס איז געווען גאָט, וואָס האָט געוואָלט דעם ציגײַנערס גוטע הארץ אויספּרובירן, ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צום ציגײַנער און בײַ אים געבעטן אַ נדבה. „ביסט אַזוי רײַך געוואָרן — זאָגט גאָט — גיב מיר אויך אַ פּאָר רענדלעך...״

דער ציגײַנער האָט אים פאַרשטויסן און געוואָרפן אויף אים שטיינער...

— איך זע, אַז דײַן צאָרן האָסטו נאָך אַלץ ניט פאַרלוירן און ביסט נאָך אַלץ געבליבן אַ רשע, דערפאַר נעם איך בײַ דיר צו דאָס פערד און זאָלסט ווידער אַמאָל דאַרפן לעבן אין שרעקלעכער נויט! — און גאָט האָט מיט דער האַנט אין דער לופטן אַ מאַך געטאָן און דאָס פערד איז פאַרשוואונדן.

און פון דעמאָלט איז פאַראַן אַ ווערטל: — „אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזים!״

# אַ מעשה מיט אַ זילבערנעם דאָלאַר

(אַ געשיכטע, וואָס איז כמעט אַן אמתע)

ווען איך האָב זיך אין בעט אַריינגעלייגט שלאָפֿן, האָב איך געפֿילט אַ מידקייט פֿון אַ גאַנצן טאָג אַרבעט און זאָרג מכּוח פּרנסה... האָב ניט געקענט תּיכּף איינשלאָפֿן, האָב איך גענומען אַ צייטונג און געלעזן אַ שפּאַנענדן ראָמאַן. עס האָט זיך דאָרט געהאַנדלט וועגן אַ באַנדע „קאונטערפֿיטערס" (געלט־פֿעלשער).

— שפּאַנענד! שפּאַנענד! איז געווען די באַשרייבונג פֿון דעם דאָזיקן ראָמאַן. — דאָס האַרץ צאַפּלט פֿון שרעק, לייענענדיק ווי אַזוי דער העלד איז אַ געפֿאַנגענער געשמידט אין קייטן אין פּריזאָן געגאַנגען! —

אַ גרויסער קוריאָזער עולם האָט זיך אַרומגעקליבן און יעדער האָט מיט גרויס בייגעריקייט זיך נאָכגעפֿרעגט אויף דער אורזאַכע, וואָס מען פֿירט דעם „מערדער" געשמידט אין קייטן...

— „ער איז אַ געפֿערלעכער פֿאַרברעכער — האָט מען גע־זאָגט — און איצט וועט ער שוין אויף 20 יאָר זיין פֿאַרזאָרגט אין פּריזאָן מיט פֿריי 'רום און באָרד'!"...

— אַ גליקלעכער מענטש! — האָב איך זיך געטראַכט, — קיין רענט וועט ער מער ניט דאַרפֿן דעם האַרצלאָזן לענדלאָרד צאָלן! . . . דער רעגירונג די הויטשינדערישע טעקסעס אויך ניט צאָלן; און . . . מען וועט אים נאָך היטן, ער זאָל חלילה ניט „אַרויס־מופֿן" פֿון פּריזאָן, פֿון זיין נייער לאָזשי — ער וועט קריגן אַלץ, עסן און קליידונג, אַ באַדינער, וואָס וועט אים צוטראָגן דעם מאָל־צייט צו דער נאָז; אין פֿאַל פֿון קראַנקהייט וועט זיך געפֿינען אַ דאָקטאָר, וואָס וועט אים היילן; — יאָ, מיינע ליבע! אַ פֿאַר־ברעכער, אַז ער האָט דאָס גליק צו ווערן אַ געפֿאַנגענער, איז פֿאַרזאָרגט אויף יאָרן לאַנג און... איר מעגט זיי טאַקע מקנא זיין! ....

דער דאָזיקער געפאַנגענער איז געווען אַ מענטש מיט אַ גרויסן אידעאַל: אַרבעטן אין אַ פאַבריק? סטרייקן? און פאַרשוואַרצט ווערן?... דאָס איז ניט קיין אידעאַל! דאָס איז ניט קיין צוועק אין לעבן! רייכטום! רייך צו ווערן האָט ער געוואָלט; און ווי אַזוי ווערט מען עס פלוצים רייך? מען מוז, דאַכט זיך, צוערשט גוט פאַרשוואַרצט ווערן, ביז מען קומט צו אַ שטיקל קאַפּיטאַל!...

דער דאָזיקער פאַרברעכער האָט געהייסן: סאַלוואַטאָרע מאַ־ראַטורא! נאָכן נאָמען פאַרשטייען מיר, אַז דאָס איז אַן איטאַליענער. און סאַלוואַטאָרע האָט געוואָלט רייך ווערן. האָט ער געטרוימט ווערן אַ געלט־פעלשער, האָבן אַן אייגענע געלט פאַבריק. מיט דער צייט איז סאַלוואַטאָרע רייך געוואָרן, און יעדער האָט זיך געוואונדערט. געוואוסט האָט מען, אַז בעפאָר איז ער געווען אָרעם, אַ געוויינ־לעכער נפש און איצט האָט ער הייזער, פאָרט אַרום אויף אַ פּראַכט־פולן אויטאָמאָביל און מאַכט ליבע צו שיינע מיידלעך, וואָס טראָגן אָפּגעשאָרענע צעפּ! . . .

און אַ שיינער שידוך פאַר אים האָט זיך אויסגעזוכט: ווען געלט איז פאַראַן „פלענטי״, איז דאָ כבוד, ערע און מען איז פאַר־רעכנט פאַר אַ גאַנצן חכם. יעדע נאַרישקייט, וואָס אַ גביר רעדט אַרויס, קלינגט אויס ווי פון דעם געבילדעסטן נפש!... נישט אומ־זיסט האָט אונדזער רומענישער פּאָעט „וואַסיל גולאַש״ געזאָגט, אַז ווער ס'האָט געלט, האָט די וועלט!

און ווען איך בין מיט דעם שפּאַנענדן ראָמאַן פאַרטיק געוואָרן, בין איך איינגעשלאָפן, און מיר האָט זיך געחלומט אַזאַ מעשה:

איך בין געגאַנגען אין גאַס און געפונען אַ זילבערנעם דאָלאַר ליגן אויף דער ערד, אַן עלנטער ווי אַ יתום. — האָב איך אויף דעם

זילבערנעם דאָלאַר רחמנות געהאַט און אים אין פּאַקעט אַריינגעלייגט: זאָל ער ליגן ביי מיר אין קעשענע, טראַכט איך זיך, וואָס, ער וועט ביי מיר עסן פאַרלאַנגען?... זאָל ער געבעך זיך אָנוואַרעמען, ס'איז אים דאָך קאַלט אַזוי געווען, געלעגן אויפן שניי, קיינער האָט זיך אויף אים ניט אומגעקוקט... און, ווי אַ מענטש מיט אַ געפיל, האָב איך אים אויפגעהויבן און אים געגעבן אַ וואַרעם פּלאַץ...

קומענדיק אַהיים, נעם איך דעם פאַריתומדיקן דאָלאַר און גלעט אים, און צערטל אים און — — איך קוק זיך גוט איין, באַמערק איך, אַז דאָס איז ניט קיין דאָלאַר ווי אַלע דאָלאַרס... דאָס איז גאָר אַ נאָכגעמאַכטער, אַ פאַלשער, אַ ווערטלאָזער — אַ טויגעניכטס! . . . האָב איך זיך אַ ביסל געשראָקן, האָב אים געוואָלט אַריינוואַרפן אין „סעלער". מורא געהאַט: מען וועט אים ביי מיר געפינען, וועט מען מיינען, אַז איך בין זיין „באַשעפער", איך האָב אים נאָכגעמאַכט... וואָס טוט מען? האָב איך אין פאַרצווייפלונג געטראַכט, און פאַר מיין פאַנטאַזיע האָט אַרומגעשוועבט: פּאָליס! פּריזאָן!... מוחל זיי דעם דאָזיקן כבוד, איך קען מיין וועלט אַליין פאַרזאָרגן...

ענדלעך איז מיר געלונגען:

איך האָב דעם דאָזיקן דאָלאַר אַוועקגעגעבן צו אַ קאָסטאָמער צווישן „טשענדזש" און זיך געטראַכט: פּטור געוואָרן פון אַ צרה, פון אַ געפאַר!....

אַ ווײַלע אַרום איך גיב אַ קוק — מען ברענגט מיר דעם פאַריתומטן דאָלאַר צוריק, למאי ער „גייט" ניט, ער טויג ניט! איך פאַרענטפער זיך, אַז איך האָב ניט באַמערקט און זיך מיישב געווען און געגעבן אַן אַנדער דאָלאַר, אַן אמתן. באַזיצנדיק דעם דאָלאַר ווידער אין מיינע הענט, האָט מיין האַרץ גענומען מער קלאַפּן, מורא געהאַט: מען וועט זיך דערוויסן, ביי מיר געפינט זיך פאַלש געלט!...

**איך בין אַרויס אין גאַס און זיך געמאַכט, איך לאָז דעם דאָלאַר פון פּאַקעט אַרויספאַלן. אַ פרוי האָט אים אויפגעהויבן און מיר אים אָפּגעגעבן, זאָגנדיק: „מיסטער, יו לאָסט עי סילווער דאָלער"!**

„טהענק יו" האָב איך איר באַדאַנקט און דעם דאָלער צוריק־גענומען.

קענט איר, מיינע ליבע לעזער, מיר געבן אַן עצה: ווי אַזוי מען ווערט פּטור פון דעם פאַלשן דאָלאַר?!...

## פּאַרטייטשטע ווערטער:

„פּריזאָן" — תפיסה.

„אַרויסמופן" — זיך אַריבערקלייבן פון דער דירה.

„פלענטי" — איבערגענוג.

„סעלער" — קעלער.

„טשענדזש" — קליינגעלט.

„יו לאָסט עי סילווער דאָלאַר" — איר האָט פאַרלוירן אַ זילבערן דאָלאַר.

„טהענק יו" — איך דאַנק אייך.

# די געליבטע

נאָך גאָר אַ יונגערמאַן איז בענדזשאַמין געווען, ווען זיינע על־טערן דורך זייערע עקאָנאָמישע אומשטענדן האָבן אים געמוזט פון שטודיום אונטערברעכן און אים לערנען אַ מלאכה, אָדער גאָר אים שיקן אין אַ פאַבריק אַרבעטן אויף אַ לעבן צו מאַכן... זיין פאָטער, יעקב זילבערשטיין, איז געווען אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן און האָט זייער געשטרעבט, אַז זיין עלטסטער זון בענדזשאַמין זאָל שטודירן, אָבער די אומשטענדן האָבן דאָס ניט דערלויבט . . .

בענדזשאַמין איז אין אַ פרימאָרגן אַוועק קיין שיקאַגאָ. ביי־טאָג האָט ער געאַרבעט אַלס „שיפינג קלוירק״ אין אַן אַנגראָ־פירמע פאַר 18 דאָלער אַ וואָך, און אין אָוונט פלעגט ער פלייסיק שטודירן און אין פאַרלויף פון דריי יאָר האָט ער דערגרייכט זיין ציל און איז געוואָרן אַ פעאיקער בוכהאַלטער אין אַ גרויסער באַנק!...

לאָזשירט האָט ער ביי אַ פאַמיליע, וועלכע האָט געהאַט אַ יונגע שיינע טאָכטער. די ערשטע צייט האָט מען אָבער ניט באַמערקט, דאָס בענדזשאַמין איז ניט אַזוי גלייכגילטיק צו מאַריאַן, כאָטש די פאַמיליע פינקלשטיין זיינען געווען צופרידן, ווען מאַריא פלעגט מיט בענדזשאַ־מין שפּאַצירן גיין, אָדער אַמאָל אין די „מואוויס״ גיין... בענדזשאַמין איז דאָך אַן אײדעלער יונגער מאַן מיט זעלטענע פעאיקייטן!

אָבער דאָך!!...

בענדזשאַמין איז געווען זייער אָרעם! אַלס בוכהאַלטער מיט 18 דאָלער אַ וואָך קען מען היינטיקע צייטן קיין באַקוועמען לעבן ניט פירן; און דעריבער זיינען די פאַמיליע פינקלשטיין צוגעשטאַנען צו מאַריאַן ניט אַזוי שטאַרק זיך צו אינטערעסירן מיט דעם „באָרדער״, מיט בענדזשאַמיק... איז שוין אָבער געווען צו שפּעט!...

די ליבע צווישן מאַריא און בענדזשאַמין איז געוואַקסן שטאַרקער און איין מאָל, זיצנדיק ביידע אין אַ גאָרטן, האָבן זיי זיך געשוואָרן אייביקע ליבע! . . .

בענדזשאַמין איז געווען איבערגליקלעך. זיינע עלטערן האָט ער פון דעם ניט געשריבן: וואָרום זאָל ער זיי ערגערנישן פאַר־שאַפן? צו האָבן אַ געליבטע קאָסט געלט, מען דאַרף אויף איר געלט צערן, און בענדזשאַמינס פאַרדינסטן זיינען אַזוי קליין און ער מוז נאָך יעדע וואָך זיינע עלנטע עלטערן אויך שטיצן... דיזע געדאַנקען האָבן אים אין פאַרצווייפלונג געבראַכט.

ס'איז געקומען דער מאָנאַט דזשון מיט זיין גאַנצן צויבער און פראַכט. מאַריאַ איז מיט אירע עלטערן געפאָרן אין די בערג צו פאַרברענגען די הייסע זומער מאָנאַטן דאָרט, וואו די לופט איז פריש און דופטיק!... די ערשטע צייט האָט מאַריא צו איר געליבטן ליבעס־בריוו געשריבן און בענדזשאַמין האָט איר געענטפערט, אַז ער גאַרט שוין נאָך דער צייט, זי ווידער צו זען...

ווען ס'איז אַריבער צוויי וואָכן און בענדזשאַמין האָט מער קיין בריוו ניט באַקומען פון מאַריאַן, איז ער קראַנק געוואָרן, און דורך אַ געוויסער פערזאָן האָט ער דערפאַרן, אַז מאַריא האָט זיך דאָרט באַקענט מיט אַ יונגען מאַן, וועלכער האָט נאָר וואָס געענדיקט „קאָ־לעדזש" און געקראָגן דעם דיפּלאָם אַלס „דאָקטאָר אָוו פאַרמאַסי"...

מאַריא איז פאַר דעם יונגען דאָקטאָר אַ כלה געוואָרן, און די עלטערן האָבן אָפּגעמאַכט, אַז אין פאַרלויף פון צוויי מאָנאַט זאָלן די יונגע פאַרליבטע חתונה האָבן!...

בענדזשאַמין איז פון טאָג צו טאָג שוואַכער און נערוועזער גע־וואָרן און ער האָט די שטאָט געמוזט פאַרלאָזן און זיך צוריקקערן צו זיין שטאָט, וואו זיינע עלטערן געפינען זיך...

בענדזשאַמינס מוטער, אַ פרוי אין די פופציקער, איז שטונדן לאַנג געשטאַנען ביים פענצטער און געוואַרט אויף איר זון. ווען זי האָט אים דערזען, ווי בלייך ער איז געוואָרן און אָפּגעצערט, האָט זי זיך שטאַרק צעוויינט:

— וואָס איז מיט דיר געוואָרן, מיין קינד?

— גאָר ניט, מאַמעניו, — האָט ער איר געענטפערט.

אָבער אַ מאַמעס האַרץ פילט און עפּעס האָט זי אים חושד געווען...

— יאָ! יאָ! ס׳איז אמת, מאַמאַ! — און ער האָט איר דעם גאַנצן אמת דערציילט...

די צייט איז זיך געגאַנגען, און ס׳האָט אויסגעזען ווי בענדזשאַמין האָט כמעט פאַרגעסן אין זיין געליבטער. בענדזשאַמין האָט אָבער אין זיין געבורטס־שטעטל לאַנג ניט געקענט בלייבן און זיך ווידער אומגעקערט קיין שיקאַגאָ, וואו ער האָט מיט דער צייט געקראָגן אַ שטעלע און געוואָרן „טשיף קלוירק" ביי אַ „רעיל ראָוד" קאָמפּאַניע און געמאַכט גרויסע „ווייזשעס"...

זיינע באַקאַנטע האָבן אים אַמאָל איינגעלאַדן צו גיין צו אַ פּראַכטפולן באַל. דאָרט איז אַנוועזנד געווען דער גרויסער אַדעל... אין אַ ווינקל פון סאַלאָן האָט בענדזשאַמין באַמערקט אַ יונגע דאַמע זיצנדיק נעבן אַ מאַן. ווען ער האָט זיך איינגעקוקט, האָט ער דערזען, אַז דאָס איז געווען מאַריא, זיין אַמאָליקע געליבטע.

בענדזשאַמין איז נענטער צוגעקומען. מאַריא האָט זיך אויפ־געשטעלט און אים פאַרגעשטעלט פאַר איר מאַן דעם דאָקטאָר און מיט אַ צאַרטן שמייכל האָט זי געזאָגט: — אָ, דיר, איך וועל דיר פאַרשטעלן אונדזער אַמאָליקן „באָרדער".

בענדזשאַמין האָט די ליפּן פאַרביסן ביז בלוט, זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט און זיך פאַרטיפט אין אַ צייטונג...

די מוזיק האָט געשפּילט מיט הימלשע מעלאָדיעס, די פּאָרלעך האָבן געטאַנצט. יעדער איז געווען מונטער און לוסטיק!... אויף יעדנס געזיכט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט צופרידנהייט!... די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן אין דעם גרויסן זאַל געלויכטן צויבעריש...

און בענדזשאַמין האָט זיך געטראַכט: ווען די ליכט זאָל אויס־געלאָשן ווערן און ס׳זאָל ווערן פינצטער!... פינצטער!... פינצטער!...

פאַרטייטשטע ווערטער:

„שיפּינג קלוירק" — אָנגעשטעלטער.
„קאַלעדזש" — אוניווערסיטעט.
„טשיף קלוירק" — הויפּט־אָנגעשטעלטער.
„רעיל ראָוד" — אייזנבאַן.
„ווייזשעס" — געהאַלט.

# אַ כלה; אַ פערד; אַ שטיקל צוקער!...

ס'איז אַמאָל געווען אַ רייכער ישובניק, וואָס פלעגט זיך שעמען פריי אין די אויגן צו קוקן. ער איז, האָט מען געקענט זאָגן, געווען אַן אויסנאָם פון אַ שעמעוודיקן! — ער האָט געוואָלט חתונה האָבן, אָבער ווי אַזוי זאָל ער אַזאַ שריט מאַכן, אַז ער האָט זיך ממש געשעמט אַ פרוי אין די אויגן צו קוקן? ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, ער וועט גיין צו אַ שדכן, זאָל ער פאַר אים אויסגעפינען אַ מיידל; האָט ער גראַד אָנגעטראָפן אַ שדכן, וועלכער איז געווען נישקשהדיק טויבלעך. דער שדכן האָט דערזען דעם רייכן ישובניק, האָט ער זיך אַ ביסל דערפרייט און אים געהייסן זיצן. דער ישובניק איז געזעסן און זיך געשעמט אַרויסצוזאָגן וועגן וואָס ער איז געקומען.

דער שדכן האָט זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטן און אים גע־פרעגט, וואָס ער וויל.

— איך וויל אַ מיידל, וויל איך! — האָט דער רייכער ישובניק מיט ציטערדיקע ליפּן געזאָגט.

— זי איז דאָ ביי מיר — האָט דער טויבער שדכן געזאָגט, מיינענדיק, אַז דער ישובניק איז געקומען אָפּקויפן זיין שקאַפּע, וואָס ער האָט שוין לאַנג געוואָלט פון איר פּטור ווערן.

— זאָל איך זי אָנקוקן? — האָט דער ישובניק מיט אומגעדולד צווישן די ליפּן געברומט...

— באַלד וועל איך זי אַריינשיקן, אָבער איר מוזט זיין פאַר־זיכטיק: ווען דער משוגעת קומט איר אָן, הויבט זי אָן מיט די פיס צו בריקן. גרייט אייך אָן שטיקלעך צוקער, איר זאָלט איר געבן. דאָס איז איר איינציקער חסרון — זאָגט דער שדכן — ווייטער איז זי אַן אַנטיק, שיין און קלוג ווי דער טאָג.

ווען דער שדכן איז אַרויס, איז די טאָכטער זיינע אַריינגעקומען. דער ישובניק האָט ניט אַנדערש געטראַכט, אַז דאָס איז די כלה, און

האָט זיך גענומען איר אין ליבע דערקלערן. דעם שדכנס טאָכטער אין אין כעס געוואָרן פון אַזאַ באַליידיקונג.

דער ישובניק האָט געמיינט, אַז דאָס איז מסתמא איר משוגעת,— האָט ער איר דערלאַנגט שטיקלעך צוקער, זאָגנדיק: — באַרואיק דיך, מיידעלע, נעם אַ שטיקל צוקער, עס וועט דיר איבערגיין!...

— אַרויס פון דאַנען! — האָט די מיידל געשריען, — ווי וואַגט איר אַזאַ שפּאַס צו טרייבן? איר אומפאַרשעמטער!...

דער שדכן איז אַריין און געזען, ווי די צוויי קריגן זיך, האָט ער אויף איר געשריען:

— פאַרמאַך דיין מויל! ווי וואַגסטו צו באַליידיקן אַ מענטשן, וועלכער איז געקומען קויפן אונדזער לאַשיק! איך בין נאָר אַריינגעגאַנגען אין שטאַל ברענגען דעם לאַשיק און זי האָט זיך אַזוי צעבייזערט. . .

דער ישובניק, דערזעענדיק אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטענדעניש, האָט זיך אַזוי געוועגדט: — וואָס רעדט איר דאָ פון אַ לאַשיק? איך בין דאָך געקומען אָנקוקן אַ כלה! . . .

# א מוראדיק דערפל

האָט זיך מיר פאַרגלוסט אַנומלט זיך אַוועקלאָזן אין אַ דאָרף, אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל נעבן אַ וואַלד, און געפּרואווט שיסן אַ פויגל, אָדער ווי מען רופט עס אין דער אַמעריקאַנער שפּראַך „האַנטינג!"... יאָ, עס האָט זיך פאַרוואַלט פאַרן שיסן ווילדע פייגל, האָב איך זיך אויסגעפּוצט מיט אַ ביקס איבער די שולטערן, מיט אַ קאָרדאָן מיט קוילן און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דער געפיל פון אַזאַ מין „ספּאָרט" איז ביי מיר געווען גרויס, אָבער אַ טרויעריקע, אומאַנגענעמע פּאַסירונג האָט מיט מיר געטראָפן און איך וועל אייך אויף אַ טשי־קאַוועסט נעמען דערציילן: —

ס'איז געווען דער זייגער אַרום פיר. אַ כמורנער טאָג דעמאָלט געווען. ס'האָט געסטראַשעט מיט אַ שלאַגסרעגן. דער הימל איז געווען באַדעקט מיט דיקע וואָלקנס און יעדע ווילע האָט עס געבליצט און סטראַשנע געדונערט. און אַז ס'האָט געדונערט, מיינט איר אפשר, האָב איך זיך געשראָקן? נאָוסער! האָב אויסגערופן: „שכוחו וגבורתו מלא עולם!" און אויפן האַרצן איז מיר לייכטער געוואָרן. אַהיים צו קומען מיט אַ „סעט" געשאָסענע פייגל האָט מיר קוראַזש געגעבן און איך בין ווייטער געגאַנגען, געוואַנדערט אין דעם געדיכטן וואַלד. אָבער — אָן דערפאַלג! . . .

ס'איז שוין געווען גאַנץ טונקל, די לופט איז געוואָרן קעלטער. ס'איז געווען אַ טריבע אָקטאָבער נאַכט. איך האָב געקראָגן אַנגסט און זיך געוואונטשן בעסער פון יענעם פוסטן אָרט זיך אָפּטראָגן און אויפגעבן מיין פאַרלאַנג.

פון דער ווייטנס האָב איך דערזען סליאַדן פון אַ מענטשן, וועל־כער איז געפאָרן רייטנדיק אויף אַ פערד. ווען ער האָט זיך צו מיר דערנענטערט, האָב איך אים געפרעגט ווי ווייט דאָס דאָרף איז פון דאַנען.

— 12 קילאָמעטער, — האָט ער מיר געזאָגט — און אַז דו ווילסט, וועל איך מיט דיר צוגיין...

האָב איך דאָך שוין באַלד געזען, אַז איך בין דאָרט אַ פאַר־בלאָנדזשעטער, האָב איך געמוזט איינווילליקן און מיט אים געגאַנגען. באַלד האָט געגאָסן אַ גרויסער רעגן און איך בין גוט נאַס געוואָרן, איך האָב ממש געציטערט פון קעלט. אָפּגעגאַנגען אַ היפּשע פּאָר שטונדן, האָט זיך געוויזן פון דערווייטנס אַ ליכטל.

— זעסט דאָרט, וואו ס'איז ליכטיק? דאָרט איז פאַראַן אַ קרעטשמע — האָט צו מיר געזאָגט דער אומבאַקאַנטער אויפן פערד.

— קאַסטאַקע ברינזע איז אַ גוטער מענטש, וועסט דאָרט קע־נען איבערנעכטיקן...

ווען איך בין אין קרעטשמע אַריין, האָט זיך דער גוי פאַר שרעק געצלמט, ווען ער האָט מיך דערזען מיט דער אָנגעלאָדענער ביקס.

— וואָס האָסטו פאַר מיר אַזוי מורא? — האָב איך אים באַ־רואיקט, — איך בין אַן אָרנטלעכער מענטש, איך בין דאָ ביי אייך געקומען אַלס יעגער שיסן ווילדע פייגל. האָסטו פיללייכט עפּעס עסן? איך וואָלט דאָ וועלן איבערנעכטיקן, איך באַצאָל גוט...

— ניין! ניין! מיר האָבן איצט קיין צימערן ניט, אַלע זיינען פאַרנומען — האָט קאַסטאַקע ברינזע געוואָלט וואָס שנעלער פון מיר פּטור ווערן.

— אָבער אין נאָמען פון גאָט גיב מיר כאָטש עפּעס עסן, איך בין הונגעריק ווי אַ וואָלף! — האָב איך זיך געבעטן.

דער גוי האָט מיר עפּעס דערלאַנגט; און אַ פלעשל ווייך האָב איך געטרונקען.

— אפשר האָסטו דאָך אַ צימער? מיר איז אַזוי קאַלט און איך בין מיד, צעבראָכן... — ביי דיזע ווערטער זיינען אָנגעקומען זשאַנ־דאַרמען, מענטשן האָבן זיך אַרום מיר פאַרזאַמלט, מען האָט געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ שרעקלעכן מערדער, וואָס האָט זיך פאַרקליבן אין אַ דערפל יעדן צו באַגזלנען און צו מאָרדן און צו ראַבירן די איינוואוינער...

— גוטע מענטשן, איך בין אַן אָרנטלעכער מענטש, איך האָב קיינע שלעכטע געדאַנקען, גאָט באַהיט, — האָב איך זיך געבעטן — איך בין אַ יעגער און די נאַכט האָט מיך דאָ פאַרכאַפּט, וויל איך דאָ איבערנעכטיקן און גאַנץ פרי וועל איך פון דאַנען אָפּרייזן.

— צייג אונדז דיין אידענטיפיקאַציע בילעט! — האָט זיך אַ זשאַנדאַרם געבייזערט.

— איך האָב ניט ביי זיך אפילו אַ בריוו מיט מיין אַדרעס! — האָב איך קוים צווישן די ליפּן געברומט.

— דאָס גייט אונדז ניט אָן, איר זייט דאָ אַ פרעמדער און אייער פערזענלעכקייט איז אונדז אומפּאַלנדיק. ליידער מוזן מיר זיך די פליכט מאַכן און איר מוזט מיט אונדז מיטגיין!...

— וואָס האָב איך דען אַזוינס געטאָן? ווי וואַגט איר דאָס צו טאָן, ווען איך האָב גאָר ניט שלעכטס געטאָן?...

— אַ מענטש באַווייזט זיך מיט געוועהר . . . ווער ווייסט? ס'האָט זיך אונדז לעצטן יאָר אַזאַ פאַל געטראָפן, מיר האָבן צוערשט גאָר ניט פאַרדעכטיקט און אין מיטן נאַכט האָט דער „פרעמדער" עטלעכע איינוואוינער באַפאַלן און זיי דערמאָרדעט און צעראַבירט. פון דעמאָלט אָן זיינען מיר זייער פאָרזיכטיק. איר פאַרשטייט? זייער פאָרזיכטיק!

ענדלעך האָב איך איינגעזען, אַז גאָרניט וועט דאָ העלפן, בין איך מיט די זשאַנדאַרן מיטגעגאַנגען.

זיצנדיק אין געפענגעניש ווי אַן אַרעסטאַנט, האָב איך געטראַכט: גאָטעניו, צייג מיר אַ וועג, איך זאָל קענען וואָס שנעלער אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע — איך זאָל פון דער גאַנצער געשיכטע קענען שרייבן אַ הומאָרעסקע!

מאָראַל: — דער, וועמען עס גלוסט זיך אים צו פאָרן קיין רומעניע, זאָל זיך ריכטן אויף אַזאַ סוף! . . .

# אַ זעלטענע דרעס !

(הומאָרעסקע)

אויף איסט בראָדוויי געפינט זיך אַ קליידער פירמע אונטערן נאָמען גאָלדוואַסער ענד קאָמפּאני. —

צוויי פּאַרטנערס זיינען די אייגנטימער פון דער פרויען־קליידער פירמע.

אין אַ מיטוואָך פרי, ווען מיסטער גאָלדוואַסער האָט נאָר וואָס געעפנט דעם אָפיס, זאָגט ער צו זיין פּאַרטנער אַזוי:

— דזשאָו, מיר מוזן זען עפּעס אַ נייעם סטייל דרעס אויסדע־זיינען, ווייל היינטיקן סעזאָן גייען די געשעפטן ניט צום בעסטן!...

דזשאָו, דער פּאַרטנער, האָט פון אַ גראָבן סיגאַר געצויגן דעם רויך און נערוועז אַרומגעשפּאַנט אין דעם פּראַכטפולן סעמפּעל־זאַל. מיט אַמאָל רופט ער זיך אָן: — יעס, פון דעם האָב איך אַ היפּשע צייט געקלערט, ווי אַזוי אַ נייעם סטייל צו אימפּאָרטירן...

— אפשר וואָלסטו זיך איינגעפּאַקט און זיך אַריבערכאַפּן אין פּאַריז, די שטאָט פון לעצטע סטיילס, דאָרט וועסטו אָפזיין אַ וואָך צייט און וועסט געוויס באָכזען אַ שיינע סטיילישע דרעס...

דזשאָו האָט איינגעוויליקט און אויף זיין געזיכט האָט זיך באַוויזן אַ צופרידענער שמייכל!...

דריי טעג זיינען פאָראיבער און דזשאָן, דער פּראַקטישער שותף פון דער באַרימטער פירמע, האָט שוין מונטער און לוסטיק שפּאַצירט איבערן דעק פון דעם סטימער „לאַ פראַנס" — — —

אָפּגעזעסן איז דזשאָו אין פּאַריז קאַרגע פינף טעג און אים איז קיין איינציקע דרעס ניט פיל געפעלן.

איינמאָל אין אַ שיינעם אָוונט איז דזשאָו געזעסן ביי אַ טישל אין פראָנט פון אַ גרויס האָטעל און געטרונקען אַ לעמאָנאַדע. ער איז געווען כמעט ווי פאַרזאָרגט: „וואָס טוט מען" — האָט ער זיך געטראַכט — „געמאַכט שפּעזן, געפאָרן קיין פּאַריז וועגן אַ צוועק

און וואָס? אַהיים פאָרן מיט ליידיקע הענט? וואָס וועט דער פּאַרטנער זאָגן??? און דאָן מיין נאָמען אַלס עקספּיריענסד בייער קען דאָדורך ליידן!"...

פלוצים איז צוגעקומען ניט ווייט פון זיין טישל אַ זייער קאָקעטע ליידי, קענטיק אַן אַקטריסע צו אַ „סטאַריכע" פון עפּעס אַ טעאַטער!...

דזשאָו האָט מיט באַגייסטערונג באַטראַכט די ליידי, נאָך מער איר דרעס, וואָס זי האָט אויף זיך געטראָגן, און זיך געטראַכט:

— דזשאָו! ווי אַזוי קאָפּירט מען דעם סטייל? ווען איך זאָל אַזאַ סטייל ברענגען צו מיין פּאַרטנער, וואָלטן מיר גאָלדענע געשעפטן געמאַכט! אַזאַ דרעס האָט מען נאָך אין ניו יאָרק ביז איצט ניט געזען...

און אַזוי קלערנדיק, איז אים דאָס פאָלגנדע איינגעפאַלן: —

ער איז צוגעגאַנגען צו דער „פענסי ליידי" און איר אַזוי געזאָגט:

— וויפיל וואָלט איר, צום ביישפּיל, וועלן פאַר אייער דרעס?

— וואָס מיינט איר דאַמיט?

— גלאַט אַזוי! איך וואָלט וועלן ביי אייך אָפּקויפן די דאָזיקע דרעס, וועלכע וויזט מיר אויס צו זיין איינע פון די שענסטע און סטיילישסטע, וואָס איך האָב געזען אין פּאַריז...

די ליידי האָט געשמייכלט, דזשאָו האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער...

ענדלעך האָט זי געזאָגט:

— אויב איר גיט מיר 500 פראַנק, גיב איך אייך די דרעס.

דזשאָו האָט תיכף אַרויסגענומען פון זיין פּאָרטפעל די סומע און דער „אַקטריסע" אין האַנט געגעבן. די ליידי איז אַריין אין איר צימער און אין פינף מינוטן איז זי אַרונטערגעקומען מיט דער דרעס, וועלכע איז געווען איינגעפּאַקט אין אַ ציימונג...

דזשאָו איז תיכף אַוועק זייער אַ צופרידענער. דעם אַנדערן טאָג איז ער שוין געווען ביי דער שיף אָפּצופאָרן קיין ניו יאָרק.

---

גוט מאָרנינג! גוט מאָרנינג! — האָבן זיך ביידע פּאַרטנערס געגריסט.

דזשאָו האָט אַרויסגענומען פון דער וואַליזע די טייערע דרעס — „לייטעסט סטייל פון פּאַריז״! — מיט שטאָלץ געזאָגט צו זיין פּאַרט־נער, וועלכער איז מיט אומגעדולד געזעסן אויף זיין וויגשטול און גע־וואַרט צו זען די טייערע דרעס.

דזשאָו האָט זי זייער איידל אין האַנט געהאַלטן און זיך באַרימט:

— אָט אַזאַ דרעס וועט דעם גרעסטן דערפאָלג ברענגען אין אונדזערע ביזנעס — איך שטעל זי שוין אין פענצטער מיט דעם פּרייז פון 500 דאָלער! זי קאָסט מיר נאָר 500 פראַנק — האָט דזשאָו אים אין אויער אַריינגערוימט.

מיסטער גאָלדוואַסער, הערנדיק וואָס זיין פּאַרטנער האָט באַצאָלט פאַר דער דרעס, איז געפאַלן אין חלשות. דזשאָו האָט אים מיט וואונ־דער באַטראַכט און ניט פאַרשטאַנען... גאָלדוואַסער האָט צו אים געזאָגט: — 500 פראַנק נעמט אַ מענטש און באַצאָלט פאַר דער זעלבער דרעס, וואָס איך האָב מיט צוויי וואָכן צוריק פאַרקויפט צו אַן אַקטריסע, וואָס איז אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז!!! — — —

דזשאָו ביי דיזע ווערטער איז שוין געלעגן אַ געחלשטער און זיין פּאַרטנער האָט אים געריבן דעם שטערן מיט נאַסע האַנטיכער.

# אַן עצה!

אַנטקעגן דעם, וואָס איר זאָגט „לינקע ליבע"... זיץ איך מיר געמיטלעך לעצטן זונטיק אויפֿן טשערדאַק און צי דעם רויך פֿון אַ „האַוואַנאַ" סיגאַר און בין פֿאַראינטערעסירט אין די נייעס פֿון די צייטונגען...

דער בעל־פֿון מיין „אַנטרע" האָט געקלונגען און מיין ווייבל האָט מיר געזאָגט, אַז אַ מאַן וויל מיך זען.

דעם אמת געזאָגט, ליב איך ניט, ווען מען קומט צו מיר זונטיק און מען שטערט מיר פּונקט אין אַ צייט, ווען איך וויל געניסן אַ ביסל רו, פּונקט אין אַ צייט, ווען מיינע געדאַנקען נייטיקן זיך אין אַ ביסל „רעפּאוס!"...

איך האָב זיך געטראַכט — וועל! אַז מען קומט ספּעציעל צו מיר, מסתמא איז דאָס וויכטיק, האָב באַשלאָסן דעם וויזיטאָר אַריינצולאָזן!

איך האָב אים פֿאַרבעטן אַריינצוקומען אין מיין לייברערי. ביי מיר אין דער לייברערי געפֿינען זיך עטלעכע גוטע באַקוועמע שטולן, אַ שרייבטיש, אויף וועלכן איך האָב שוין אָנגעשריבן מיינע אַלע „דיכטונגען"; אין ווינקל שטייט אַ סמוקינג סעט מיט די פֿיינסטע סיגאַרן. און איך האָב שוין אַזאַ גליק: קומט מען צו מיר אין הויז, פֿרעגט מען מיך תיכּף צי איך האָב ניט אַ גוטן סיגאַר, זאָג איך מיט אַ טאָן פֿון אַ דזשענטעלמאַן: „העלפּ יורסעלף!" און צייג דאָס שאַכטל מיט די סיגאַרן און . . . זיי העלפֿן זיך טאַקע אַליין, אַריינשטעקנדיק עטלעכע סיגאַרן אין די „פּאַקעטס"... — איצטער לאָמיר זיך אומקערן צו דעם מאַן, צום „וויזיטאָר", וואָס איז צו מיר געקומען לעצטן זונטיק אין דער פֿרי.

איך האָב באַטראַכט דעם פּאַרשוין, און תיכּף איינגעזען, אַז דאָס מוז אוודאי זיין אַ מאַן אין די פּופּציקער. זיין דיקער רויטער קאַרק האָט מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז ער האַלט זייער פֿון כאַפּן אַ ביסל

משקה אין מויל אַריין, און אַז ער האָט ניט פיינט אַמאָל אַ „סטייקל" און זאָגט זיך ניט אָפּ פון אַ קערטל... ס'איז פאַראַן מענטשן, וואָס ביי זיי אויף די שטערנס שטייט אָנגעשריבן וואָס זיי זיינען: צי זיי זיינען רייך צי אָרעם, צי נאַריש אָדער קלוג...

„אַ סינגעלמאַן בין איך געווען ביז צוריק מיט עטלעכע יאָר, און איך בין געווען אַ „גע־ונדניק", אַרומגעוואַנדערט פון איין שטאָט אין דער אַנדערע נאָך ביז פאַר 3 יאָרן צוריק, ווען איך האָב זיך באַזעצט אין באַלטימאָר און האָב חתונה געהאַט. אַ פאַרהייראַטער מענטש ווערט שנעלער באַקאַנט; און ס'האָט ניט גענומען לאַנג און איך בין דאָ באַקאַנט געוואָרן אַלס אַ „שרייבער"... און אַלס אַ זייגערמאַכער!"

— איר שרייבט אין צייטונגען — ווענדט זיך צו מיר דער אויבנ־דערמאָנטער מאַן — איר דאַרפט אוודאי אַלץ וויסן, איר זייט דאָך אַ שרייבער, איר האָט אַ סך געלייענט, נאָר איך פאַרזיכער אייך, אַז אַזאַ געשיכטע האָט איר נאָך ניט געלייענט, אַזאַ געשיכטע — זאָגט ער — פּאַסירט זעלטן... אפשר אין ראָמאַנען!...

איך האָב שוין פאַרשטאַנען, וואָס ער וועט מיר דערציילן, זיכער אַ פאַמיליע־דראַמע. און הערט וואָס ער האָט מיר דערציילט:—

— איך בין שוין פאַרהייראַט 25 יאָר! און ער האָט מיט אַ גע־מאַכטן שמייכל פאַרטגעזעצט:

— מיין ווייבל, זייער אַ שיינע, האָט אימער געפירט אַ לינקע ליבע מיט מיינעם אַ קאָזין. איך האָב זיך אַ לאַנגע צייט ניט וויסנדיק געמאַכט, אָבער איצטער, מיין פריינד, האָט זיך מיר שוין דערעסן! איך קען שוין מער אַזאַ באַליידיקונג ניט אַריבערטראָגן!

— וואו וואוינט אייער קאָזין? — האָב איך אים געפרעגט.

— טאַקע ביי מיר אין הויז, — זאָגט דער מאַן.

— וואָרום מאַכט איר אים ניט צו מופּן?

— איך קען דאָס ניט טאָן!...

— וואָס הייסט? זייט איר דען ניט דער בעל הבית ביי אייך אין הויז? איר זייט דאָך דער מאַן? איר פירט דאָך די פּרנסה?... איר האָט, דאַכט זיך, די דעה??...

— אָט־דאָ איז דאָך די צרה, וואָס איך האָב ניט קיין דעה! קוים עפן איך דאָס מויל, איז באַלד מיין ווייבל אין כעס און שילט, און ליאַרעמט, און ס׳הייבן אָן פליען טעלער, שיסל, גאָפּלען צו מיר אין קאָפּ אַריין . . .

— נעמט מען דעם בחור אָן ביי די פּלייצעס און מיט געוואַלט וואַרפט מען אַרונטער פון די שטיגן! — האָב איך געעצהט...

— ווי קען איך דאָס טאָן? ער איז אַ יונג מיט ביינער; ער האָט מיר שוין אָן אויג אויך אויסגעזעצט!...

דער „מאַן” נעמט זיך אַרויס פון מיין סמוקינג סעט נאָך אַ סיגאַר, פאַררויכערט און זאָגט צו מיר: — איר האָט ניט קיין פאַריבל?...

— ס׳מאַכט ניט! ס׳מאַכט ניט! — זאָג איך — העלפּ יור סעלף!

— נו? — זאָגט ער — ווי געפעלט אייך אַזאַ געשיכטע? איאָ, אַ שיינע?

— ס׳איז גוט אין דער ערד, — זאָג איך, — צו האָבן אַזאַ חברה־מאַן אויף די פּלייצעס און ניט קענען פון אים פּטור ווערן.

— איינמאָל — זאָגט ער — האָב איך שוין אַרויסגעמופּט אין אַן אַנדער שטאָט. וואָס דענקט איר איז געווען? נאָך ערגער! מיין פּלוניתטע האָט געגוואַלדעוועט, זי בענקט נאָך אים, מיין קאָזין, הייסט עס. האָב איך גענומען און צוריק געמופּט אין דער שטאָט.

— נו, איז איצטער גוט? — פרעג איך.

— דאָס זעלבע ווי פריער! מיין ווייבל גייט מיט אים אין טעאַטער, גייט מיט אים אין די „מואווינג פּיקטשורס”, גייט מיט אים אויף בעלער, אויף קאָנצערטן און איך זיץ אין דער היים און היט די פּויער־ניטשור, — זאָגט ער — ווי געפעלט עס אייך?

דער מאַן נעמט אַרויס אַ סיגאַר פון מיין סמוקינג סעט, פאַר־רויכערט און זאָגט: — איר וועט קיין פאַראיבל ניט האָבן? זאָג איך: „צ׳אָלרייט! העלפּ יור סעלף!”

— וואָס זשע זאָגט איר צו אַזאַ געשיכטע, האַ? אַ יאָ, אַ שיינע?

זאָג איך: — איך וואָלט צו אַזאַ בחור אַזוי געזאָגט: מיסטער לעבן! קאָזין דיער! אָדער מוף דיר אַוועק ערגעץ ווייט קיין קאַלי־

פאַרניע, אָדער נעם דיר מיין ווייבל גאָר אין גאַנצן אַוועק און אַנטלויף מיט איר ערגעץ ווייט! זייער ווייט!

דעם מאַן איז דאָס זייער געפעלן:

— אַן איינפאַל, אַ גוטער איינפאַל! — האָט ער אויסגערופן, האָט אָנגעשטאָפּט די קעשענעס מיט סיגאַרן און איז אַוועקגעגאַנגען.

## פאַרטייטשטע ווערטער:

„העלפּ יורסעלף" — סערווירט אייך.
„פּאַקעט" — קעשענע.
„סטייקל" — געבראָטנס.
„מואווינג פּיקטשורס" — קינעמאַטאָגראַף.
„צ׳אָלרייט" — גאַנץ רעכט.
„קאָזין דיער" — ליבער קאָזין.

# „פלעזשור"

איך וויל אייך דערציילן אַן אינטערעסאַנטע מעשה: — כאַפּט־זשע נאָר ניט און הערט אייך איינעט. —

געסטערן, זונטיק, איז געווען אַ הייסער טאָג, ס'האָט ממש געבריט, ס'איז געווען דושנע און מענטשן האָבן געחלשט. ווייבער האָבן געקרעכצט און פערד האָבן געסאַפּעט. איך מיט אַ חברה יונגעלייט זיינען אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און זיך אַוועקגעלאָזטביים ברייטן טייך, וואו מיר האָבן זיך געבאָדן, ס'איז געווען אַ מחיה.

דאַן זיינען מיר אַרויס פון וואַסער, זיך אויסגעשטרעקט אויפן גראָז, געעפנט אונדזערע פּעקלעך, וואָס מיר האָבן מיט אונדז מיטגעבראַכט: —

וואָס אַ שטייגער דענקט איר, האָבן מיר מיט אונדז מיטגעבראַכט? פלעשער ביר? גוטע סאַנדוויטשעס? פּרוכט? גוטע שטרודל? געבאַקענע טשיקן? האַ? וואָס? — געטראָפן!!...

מיר האָבן געררוקט אין זיך ווי נאָך אַ קרענק און ס'איז אונדז געגאַנגען וואויל, ביז . . . מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט און בערל צוויבאַק, איינער פון אונדזער חברה, איז ניטאָ!

וואו איז ער?

געזוכט איבעראַל, ווי אין וואַסער אַריין! און טאַקע אַזוי איז עס געווען: בערל איז דערטרונקען געוואָרן!

מיר האָבן געמאַכט אַ רעש, מענטשן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט שווימען אין וואַסער און מען האָט אים ניט געקענט געפינען!...

בין איך געפאַלן אויף אַ פּלאַן און געלאָזט וויסן, אַז ווער עס וועט אים אַנטדעקן, גיב איך אַ באַלוינונג פון 100 דאָלער אין קעש.—

אום איר זאָלט אים דערקענען, גיב איך אָן פאָלגנדע סימנים: —

ער איז 5 פוס 6 אינטשעס הויך! טראָגט אַ „טשאַרלי טשאַפּלין מוסטאַש". ווען ער רעדט, זאַאיקעט ער אַביסל. ער האָט פיינט מילכיקע קרעפּלעך און האָסט מאַמעליגע ווי דעם טויט! ער ראַזירט

און שניידט זיך די האָר אַליין, און צעשניידט זיך טאַקע. אַ טיפּ דעם וויטער אין רעסטאָראַנט גיט ער קיינמאָל ניט, און ווען עס איז ביי מיסטייק פאַרבייט ער זיין אַלטע העט פאַר אַ גוטער, ווען ער גייט אַוועק פון רעסטאָראַן.

גייט ער אויפן גאַס, קוקט ער שטענדיק אַראָפּ: טאָמער וועט ער געפינען אַ ניקל צי אַ פּעני. —

איך מאַך אַן אַפּיל צו אייך, ליבע לעזער און לעזערינס, אויב איר דערקענט אים, זאָלט איר מיר תיכף לאָזן וויסן.

# נודניקעס

ניט ווייט פון באַלטימאָר געפינט זיך אַ קליין שטעטל, „ב". דאָרט אין יענעם שטעטל וואוינט מיינער אַ פריינד, אַ פּאַרהייראַטער נעבעך. ער האָט מיך איינגעלאַדן, איך זאָל צו אים קומען אויף „טהענקסגיווינג". אַזוי ווי איך זאָג זיך קיינמאָל ניט אָפּ פון אַ גוטן דינער און אויך פון אַ גוט גלעזל וויין, ביר, אָדער — (שאַ, זאָגט קיינעם ניט אויס!) — שנאַפּס, האָב איך ניט לאַנג געטראַכט, אויפגעשטאַנען לעצטן דאָנערשטיק און מיט דעם ערשטן צוג בין איך אָנגעקומען אין יענעם שטעטל „ב".

אַרונטערגייענדיק פון סטיישאַן, האָב איך זיך אָנגעפרעגט אויף מיין פריינדס אַדרעס. וועמען פרעגט מען? אַ פּאַליסמאַן! זאָגט ער מיר, ער ווייסט ניט. גיי איך ווייטער מיט עטלעכע בלאָק... און קלער, וואו אַ שטייגער וואוינט מיין פריינד „ב"? וואו איז ערגעץ די גאַס, וואו ער וואוינט? איך קוק אויף מיין זייגער: — נאָך קיין 8 ניט, איז צו פרי אַהין צו גיין. ער שלאָפט נאָך וואַרשיינלעך. איך וועל צו ערשט זיך דאָס שטעטל אָנקוקן.

אַרומשפּאַצירנדיק אַ האַלבע שטונדע, בין איך מיד געוואָרן און איך בין געפאַלן אויפן פּלאַן אָפּצורופן מיין פריינד ביים טעלעפאָן, אים אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז איך בין געקומען...

גיי איך אַריין אין אַ פּלאַץ, וואו עס געפינט זיך אַ טעלעפאָן. זאָגט מיר דער אייגנטימער פון פּלאַץ: — אַ, איר זענט גוט באַפריינדעט מיט „ב"? שלום עליכם! — גיט ער מיר די האַנט זייער פריינדלעך — יאָ, איך קען אייער פריינד „ב", ער איז מיינער אַן אינטימער חבר, מיר קענען זיך שוין אַ לאַנגע צייט; צו וואָס ווילט איר אים איצט אָפּרופן ביים טעלעפאָן? ער שלאָפט נאָך מסתמא, ער האָט זיך נעכטן שפּעט געלעגט שלאָפן. איר פאַרשטייט, נעכטן איז ביי אים געווען אַ „פּאַדי", מען האָט געגעסן וואַרעניקעס, געטרונקען אַ ביסל וויין און ס'איז אונדז וואויל געגאַנגען — זאָגט צו מיר מיין פריינדס

פֿריינד, — לאָמיר דערווייל נעמען אַ שפּאַציר און שפּעטער וועלן מיר צוגיין.

איך האָב איינגעווויליקט (אַ ברירה האָב איך געהאַט?).

— שאַ! ווייסט איר גאָר וואָס? מיר וועלן בעסער צוגיין אָט דאָ ניט ווייט וואוינט אַ פֿאַמיליע לאַנדסלייט, זיינען דאָרט פֿאַראַן שיינע מיידלעך, איר מעגט שוין אָנקוקן, רעגעלע „דאָלס"! וואָס אַרט עס אייך? פֿאַרברענגען אַ שעה צייט, זיי זיינען זייער סימפּאַטישע מענטשן, גלייכן קאָמפּאַני... קומט, איר גייט?...

איך האָב געשאָקלט מיטן אַקסל, און איך האָב שוין געזען, אַז פֿון אַזאַ נודניק וועל איך זיך שוין ניט אָפּטרייסלען...

אָט זיינען מיר ביי דעם הויז, וואו מיין פֿריינדס לאַנדסלייט וואוינען. — איר זעט — מאַכט ער צו מיר — דאָס הויז איז זייערס אַן אייגנס.

ער האָט געקלונגען דעם בעל און אַ דיקע ליידי האָט אונדז געעפֿנט. מיט אַ פֿריינדלעכן שמייכל האָט זי אונדז געבעטן אַריינגיין אין הויז. דער נודניק האָט מיך פֿאָרגעשטעלט, זאָגנדיק: —

— דאָס איז מיינער אַ פֿריינד פֿון באַלטימאָר, דאָקטאָר קליין.

איך האָב געגעבן די האַנט און די דאַמע האָט מיט צופֿרידנהייט געזאָגט: — עס פֿרייט מיך אייך צו זען ביי אונדז אין הויז, הער דאָקטאָר.

וואָס מיין פֿריינד איז איינגעפֿאַלן מיך פֿאָרצושטעלן פֿאַר אַ דאָק־טאָר, ווייס איך ניט. איך האָב זיך געטראַכט:

„גאָטעניו, ווער ווייס, צו וואָס פֿאַר אַ צרות דאָס קען נאָך ברענגען..."

באַלד זיינען אַריינגעקומען צוויי שיינע אַמעריקאַנער מיידלעך און מיר האָבן באַקאַנטשאַפֿט געמאַכט. (אַלע האָבן געמיינט, איך בין סינגל.*)

באַלד האָט מיין פֿריינד אַ זאָג געטאָן:

— איר ווייסט, מיין פֿריינד דער דאָקטאָר קען גוט זינגען, האָט אַ פּרעכטיקע שטימע צום זינגען, איר ווילט הערן? . . .

*) „סינגל" — בחור, ניט פֿאַרהייראַט.

איך האָב פּראָטעסטירט: — איך קען ניט זינגען און האָב קיינ־מאָל ניט געקענט.

מיר האָט אַ הייסער שוויס דאָס פּנים באַגאָסן און איך האָב זיך געטראַכט: די איינוואוינער פון שטעטל „ב״, אַז זיי טשעפּן זיך אָן אייך אָן, וועלן זיי אייך ניט אָפּלאָזן. און עס האָט טאַקע גאָר ניט גע־האָלפן.

איך האָב גענומען זינגען „אַ חלום״ (כאָטש איך האָב קיין גוטע שטימע ניט). אַ חלום! אַ חלום! ס׳ע האָט זיך מיר געחלומט!... ווען איך בין אָנגעקומען צו די ווערטער: „צו דיינע שוואַרצע אויגן האָסטו מיך צוגעצויגן!...״, האָט איינע פון די פרייליינס זיך אַ ביסל פאַר־רויטלט און פאַרשעמט, מעשה נאַאיוויטעט. איך האָב אָלץ ווייטער פאָרטגעזעצט: „מיט דיינע שוואַרצע אויגן האָסטו מיך צוגעצויגן!!!!״.

אַלע האָבן געפּאַטשט בראַוואָ! בראַוואָ! הכלל — איך האָב גע־מאַכט אַ גרויסן סוקסעס.

נאָכדעם איז צוגעגאַנגען די גרעסערע מיידל און גענומען שפּילן די פּיאַנאָ, אָדער בעסער געזאָגט — סקריפּן, אַז ס׳האָט אַזש גענודעט.

ווען זי האָט געענדיקט, איז מיין פריינד צוגעגאַנגען און צו דער דיקער פרוי אין אויער איינגערוימט איך ווייס ניט וואָס, נאָר אַזוי פיל האָב איך געהערט:

— ער קען דעקלאַמירן, ער איז אַן אויסגעצייכנטער דעקלאַ־מאַטאָר . . .

עס האָט מיר ווייטער גאָרניט געהאָלפן. איך האָב דעקלאַמירט, אָבער מיט אַזאַ דראַמאַטישן טאַלאַנט, אַז איך האָב אַזש געקריצט מיט די ציין: וועלכער טייוול האָט מיר געהייסן פאָרן אין שטעטל „ב״ ???

מיינט איר אפשר, אַז איך בין שוין פון דאָרט פּטור געוואָרן? די דיקע פרוי האָט מיר גענומען דערציילן דאָס זי ליידט פון רומאַ־טיזם שוין איבער 20 יאָר און מיר געבעטן, איך זאָל איר פאַרשרייבן עפּעס אַ גוטע מעדיצין...

וואָס ווייטער דאָרט האָט פּאַסירט געדענק איך ניט. ווען איך האָב דערוואַכט, האָב איך זיך געפונען אין אַ בעט און מיין קאָפּ איז געווען אַרומגעבונדן מיט האַנטיכער! . . .

# אַ מעשה מיט אַ פיש!...

ס'איז פרילינג. דער ים איז שטיל און רואיק. די כוואַליעס מורמלען שטיל און רייצן זיך מיט דער שיף שטיפעריש. יעדער ווייל֜ע ווערט די שטילקייט אונטערבראָכן דורך אַ רייע פייגל, וואָס טראָגן זיך אין דער לופטן. כוואַ! כוואַ! און זיי ווערן ווידער אַנט־שוויגן. ס'איז מיטאָג־צייט, אויפן דעק פון דער שיף באַווייזן זיך מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנען. ביי יעדן מענטשן איז אויס־געדריקט אויפן געזיכט אַ וואונטש וואָס גיכער אַהיים צו קומען, וואָס שנעלער אָנצוקומען צום געווינטשטן ברעג! אָך! די געפילן זיינען מאָדנע, זייער מאָדנע! ווען וועלן מיר שוין דערזען ערד? — פרעגט זיך ביי יעדן באַזונדער אין האַרצן!...

אויפן דעק פון שיף באַמערקט מען די רייכע אין אויסגעפוצטע קליידער שפּאַצירנדיק הין און צוריק. — זיי זיינען דאָך אַזוי זאַט, זאַט מיט פאַרגעניגן! זאַט מיט דער פאַרגאַנגנהייט! אין אַן אַנדערן טייל פון שיף אויסגעשטרעקט אַנטקעגן דער זון ליגן אָרעמע עמיג־ראַנטן אָנגעטאָן אין צעריסענע קליידער, אויף זייערע בלאַסע געזיכטער דריקט זיך אָפּ דער וועלט־שמערץ, קיינער גיט זיי ניט קיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. דען זיי זיינען דאָך אָרעם, זיי קענען דאָך ניט פאַרשווענדן זייער געלט אויף דומהייטן און משונהדיקע פאַרגעניגנס!

אויף דער שיף זיינען דאָך אַלע גלייך סיי אָרעם, סיי רייך, סיי גרויס, סיי קליין. און די דיקע רייכע לאָרדן פאָרן קיין אַמעריקע זיך אַמוזירן, אָבער די אָרעמע פאָרן מיט גאָר אַן אַנדער ציל, אַ ציל צו אַדאָפּטירן אַן אומבאַקאַנט לאַנד, אַ לאַנד וואו זיי וועלן שוין קענען אָטעמען פריי!...

אָט אַזוי האָב איך זיך געטראַכט אין דער צייט, ווען איך האָב זיך געפונען אויף דער שיף...

מיט אַמאָל איז געוואָרן אַ געפּילדער. עמיגראַנטן האָבן מיט שרעק דערזען פון ווייטנס אָניאָגן זיך אַן אומגעהייער גרויסן פיש.

— ניטאָ וואָס זיך צו שרעקן — האָט אונדז געזאָגט דער קאַפּיטאַן — דאָס איז אַזאַ מין פיש, וואָס מיר וועלן פון אים שנעל פּטור ווערן.

און דער קאַפּיטאַן האָט תיכף אַ באַפעל געגעבן צו עטלעכע מאַט־ראָסן, זיי זאָלן ברענגען אַ זאַק מיט עפּל! . . .

— וואַרפט אַריין די עפּל אין זיין מויל אַריין! — האָט געשריען דער קאַפּיטאַן, — זאָל ער, דער פיש, זיך אָנעסן מיט עפּל ביז ער וועט קראַפּירן...

די מאַטראָסן האָבן אַלץ געוואָרפן די עפּל אין דעם גרויסן פישס מויל ביז זיי האָבן אויסגעליידיקט 2 זעק מיט עפּל! . . . אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. דער הונגעריקער פיש האָט ברייט געעפנט דאָס מויל און אויף אַלע עמיגראַנטן איז געפאַלן אַ פּחד . . .

— קינדער! ווייסט איר וואָס! — האָט שוין מיט מורא געזאָגט דער קאַפּיטאַן, — מיר זענען אין געפאַר איינגעשלונגען צו ווערן פון דעם גרויסן פיש, מיר מוזן זען אים אַזוי שטאַרק אָנצופילן מיט עסן, ביז ער וועט פּלאַצן...

אַ שוואַרצער נעגער איז געשטאַנען אַן אַ זייט און געציטערט פאַר שרעק. עטלעכע מאַטראָסן האָבן גענומען דעם שוואַרצן און אים אין דעם פישס מויל אַריינגעוואָרפן. אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. דער גרויסער פיש האָט ווידער געסטראַשעט די גאַנצע שיף איינ־צושלינגען; מען האָט גענומען אַן איטאַליענער און אים אויך אין פישס מויל אַריינגעוואָרפן און דער פיש האָט ווידער דאָס מויל אַזוי גרויס געעפנט און אַלע פּאַסאַזשירן האָבן שוין באַלד פאַרלאָרן די האָפנונג לעבעדיק צו בלייבן. מע האָט געמאַכט אַ פאָרשלאַג נאָך איין פּאַסאַזשיר אַריינצוואַרפן. דער גורל איז געפאַלן אויף אַ יידן. ניט פיל געטראַכט און מען האָט דעם יידן אויך צו דעם פיש אין מויל אַריינגעוואָרפן און ענדלעך האָט דער גרויסער פיש פאַרמאַכט דאָס מויל, די מאַטראָסן האָבן אויף אים געוואָרפן אַן אַנקער און מען האָט דעם גרויסן פיש אויפן דעק אַרויפגעצויגן . . .

מען האָט דעם פיש מיט אַ מעסער דעם בויך צעשניטן; און גרויס איז געווען דער וואונדער: דער ייד איז געשטאַנען אינעוועניק און פאַרקויפט עפּל צו די עמיגראַנטן, וואָס מען האָט אין פיש אַרייַנגעוואָרפן!...

# אַ מעשה מיט אַ פאָנאָגראַף

(אַז מען וויל, איז דאָס ניט קיין לעגענדע)

פאַראַן אין אַמעריקע פאַרשיידענע נודניקעס: — לענדלאָרדס, פּאָעטן, שרייבער, ניי־מאַשינען־אַגענטן, אינשורענס־אַגענטן און גלאַט אַזוי אַגענטן פון מעבל הענדלער, וואָס טרעטן ניט אָפּ אַז איר שרייבט ניט אונטער אַ פּאַפּיר, אין וועלכן איר פאַרפּליכטעט זיך צו צאָלן יעדע וואָך אַ געוויסע סומע ביז דער געגענשטאַנד ווערט אויסגעצאָלט, כאָטש עס נעמט אַוועק יאָרן ביז איר זעט אייך פון דעם חוב אָפּ־געצאָלט... דארויף איז דאָס דאָך אַמעריקע! די רייכע געשעפטסלייט מוזן דאָך לעבן מיט „אימפּראָוומענטס" און איר אַז איר האָט אייער אונטערשריפט געגעבן אָפּצוצאָלן וועכנטלעך דעם געגענשטאַנד מוזט איר אייער וואָרט האַלטן! . . . עס פּאַסט ניט, וועט איר אייך דענקען, ניט וואָרט האַלטן! און אַזוי לאַנגזאַם האָט איר אַ שטענדיקן גאַסט ביי אייך אין הויז — דעם קאָלעקטאָר!

פאַראַן איינער אַ ייד דאָ ביי אונדז אין באַלטימאָר און צו אים האָט זיך אָנגעטשעפּעט אַ נודניק, אַן אַגענט הייסט עס, און ניט אָפּ־געטראָטן ביז פּיוויש (אַזוי הייסט אונדזער באַלטימאָרער ייד) האָט ניט אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט, אַז ער פאַרליכטעט זיך צו צאָלן 50 סענט אַ וואָך פאַר אַ פאָנאָגראַף.

— אַ פאָנאָגראַף! — טראַכט זיך פּיוויש — דאָס איז אַ גוטע זאַך!

— ווילסטו הערן ביי דיר אין הויז יאָסעלע ראָזענבלאַט, הערסטו אים. ווילסטו מישאַ עלמאַן? יאַשע חפץ? יואוועלירן? לעאָן בלאַנק? קעסטין? אַלע, אַלע גרויסע קינסטלער קענסטו הערן זינגען, שפּילן, און ריידן ביי דיר אין הויז בלויז פאַר 50 סענט אַ וואָך!...

און פּיוויש האָט געקראָגן אַ פאָנאָגראַף, אַ „וויקטראָלאַ" הייסט עס, טאַקע אַ שיינע פון גוטן האָלץ מאהאגאָני, מיט פּלענטי רעקאָרדס אויך — אויף אויסצוצאָלן...

פּיוויש מיט דער פּיווישעכע און די קינדערלעך האָבן אַרומ־געריגגלט דעם פֿאָנאָגראַף, אים באַקוקט, אים באַוואונדערט, געשעפּט נחת . . . אויף אַ ווײַלע האָט זיך זיי אויסגעדוכט, אַז זיי זײַנען גע־וואָרן גבירים, אַלרייטניקעס ! . . .

קראַצט זיך פּיוויש אין קאָפּ, ווערט אַ ביסל פֿאַרזאָרגט : אַ ביסל שווער זײַן יעדע וואָך דאָס אָפּצאָלן, נאָר ס׳איז ווערט, ס׳איז ווערט צו זײַן מיט לײַטן גלײַך ! . . . אַלע מײַנע לאַנדסלײַט — יאָסל, בערל, חיים, ברוך, זרח, איטשע, שעיה, גדליה, שלומהקע, הערשל, נחום, אפֿרים, שמואל, דוד — אַלע וואוינען „אַפּטאָון", האָבן גוטע „פֿוירני־צע" מיט אַ פֿאָנאָגראַף אויך... וואָס עפּעס ערגער פֿון זיי ? אַלע שטאַ־מען מיר דאָך פֿון לעספּעץ.

אַוועק עטלעכע וואָכן. פּיוויש האָט פּינקטלעך דעם קאָלעקטאָר געצאָלט. דער פֿאָנאָגראַף האָט יעדן טאָג געשפּילט און ס׳איז געוואָרן בײַ זיי אין הויז פֿריילעך און לעבעדיק, — און זיי האָבן אָנגעהויבן קריגן געסט.

אין אַ טאָג רופֿט זיך אָפּ די פּיווישעכע : — מיר מוזן האָבן אַ פֿיינעם קאַוויאָר אויף דער פּאָדלאָגע, ניט שיין האָבן אַ פֿאָנאָגראַף אין הויז און ניט האָבן אַ גוטן קאַוויאָר...

פּיוויש האָט צוגעגעבן און מען האָט אַרײַנגעבראַכט אַ קאַוויאָר אין דעם פּאַרלאָר . . . אויך אויף אויסצוצאָלן . . . אַלץ קען מען קריגן אין אַמעריקע, (אַז מען וויל).

איצט איז שוין געשטאַנען דער פֿאָנאָגראַף אויף אַ שיינעם קאַ־וויאָר, און די פּיווישעכע האָט זיך אָנגערופֿן : — פּיוויש, מיר לעבן ווי די שלעפּערס, אַבי מיר האָבן אַ פֿאָנאָגראַף, אַ קאַוויאָר אויך, אָבער די פּאַרלאָר איז לער, מען דאַרף זען אַרײַנקריגן אַ „פּאַרלאָר סעט" אַ לעדערנעם . . . אַ שאַנדע פֿאַר מענטשן אָפּצוּוואוינען אַזוי ווי די שנאָרערס !...

ענדלעך האָט מען אַ „פּאַרלאָר סעט" אויך אַרײַנגענומען און די וואוינונג האָט שוין טאַקע אויסגעזען לײַטישער ! . . .

איצט זאָגט די פּיווישעכע : — אַ פֿאָנאָגראַף האָבן מיר, אַ פֿיי־נעם טעפּיך אויך און אַ גוטן „פּאַרלאָר סעט" דאָס זעלבע ! פּאַסט

ניט — האָט זי געטענהט — וואוינען „דאָון טאָון" צווישן די „קייקס"־לאָמיר מופן „אַפּטאָון", רענטן אַ פלעט מיט „אימפּרואוומענטס", וואוינען צווישן מענטשן...

און אונדזער פּיוול האָט אַרויסגעמופט „אַפּטאָון"... זאָל זיין אין אַ גוטער שעה . . . דאַרויף איז דאָך דאָס אַמעריקע ! דאָ קען מען האָבן אַלץ, וואָס מען וויל (זאָלסט נאָר וועלן).

דעם ערשטן זונטיק, וואָס אונדזער פּיוול האָט געוואוינט „אַפּ־טאָון", האָבן די נודניקעס, די קאָלעקטאָרס, זיך אַ לאָז געטאָן און יעדע ווילע איז געקומען אַן אַנדערער קאָלעקטאָר : דער מילך מאַן, פון דער געז קאָמפּאַניע, דער לענדלאָרד, דער פון פאָנאָגראַף, דער קאָ־לעקטאָר פון דעם פיינעם טעפּיך, דער קאָלעקטאָר פון דער „פּוירניצע".

די שכנים האָבן באַמערקט און זיך געוואונדערט : — וואָס זאָל דאָס באַדייטן ? עמעצער קראַנק ? אפשר אַ נפטר ? וואָס איז אַזוי פיל מענטשן לאָזן זיך גיין אין דעם הויז, וואו אונדזער פּיוול האָט אַריינגעמופט ? !...

פרעגנדיק די מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט און געדריקט דעם באַטען ביי פּיוולשן, וואָס זיי ווילן, האָבן זיי מיר געענטפערט דאָס זיי זיינען קאָלעקטאָרס ! . . .

און איך האָב זיך געטראַכט : אַ וואויל לאַנד דאָס אַמעריקע, מאַכט אַ „מענטש" פון יעדן איינעם ! . . .

# אָפּגעשאַצט!...

(אַ פריילעכער מאָנאָלאָג)

— איך וויל אייך בעטן אַ טובה, מיסטער: איר זאָלט אַזוי גוט זיין און מיר אָט דאָס שטיקל דזשולערי . . . ווי אַזוי רופט איר עס אָן ? אַ דאָס... אַ... „לאַוועליער", איר זאָלט עס מיר אָפּשאַצן, דען איך וויל זייער וויסן וויפיל עס איז ווערט ! . . . איך ווייס דאָך, אַז איר זייט אַ גוטינקער מענטשל און איר וועט ניט קיין פאַריבל האָבן אויף מיר און מיר זאָגן וואָס אַזאַ שטיקל דזשולערי איז ווערט. צי איז דאָס ריין גאָלד, צי איז דאָס אמתע בריליאַנטן ?... מישטיינס געזאָגט, די אַמעריקאַנער בריליאַנטן!... נאָר פון דעם וועלן מיר שוין שפּעטער רעדן.

— איך וועל צוערשט הערן וואָס איר וועט אויף דעם אַנטיקל זאָגן ; נאָר איידער איר שאַצט עס אָפּ, וואָלט כדאי געווען איך זאָל אייך דערציילן ווי איך קום צו דעם „לאַוואליער".

— ערשטנס, מוזט איר וויסן, אַז מיר וואָלט זיך ניט אפילו געחלומט פּלוצים אַריינצוגיין אין אַ דזשולערי סטאָר און מיר אָנ־מעסטן אויפן האַלדז אַזאַ טייער שטיקל צירונג ! . . . איר מוזט גאַנץ גוט וויסן, אַז היינטיקע צייטן קען מען זיך גאָר ניט פאַרגינען אַזאַ לוקסוס, רעגנט איז טייער, עסן קאָסט אָפּ אַן אוצר און קליידער — אַ פאַרמעגן. אָט איז מען קראַנק, רופט מען אַ דאָקטאָר — קאָסט תיכף אַ פינפערל און אַז גאָט וויל, מען קרענקט אָפּ אַ וואָך, פאַרלירט מען פון פּאָקעט אַ שיין ביסל געלט !... נו, פרעג איך אייך, קען מען זיך פאַרגינען קויפן דזשולערי ? . . .

— און פאַרגעסט ניט, איך בעט אייך, אַז איך בין אַן עגונה ; געהאַט אַ מאַן, אַ גוטער געווען, נעבעך : אַ שטילער, אַ וואוילער, אַ פיינער; נאָר איר'ט דאָך וועלן וויסן ווי עס קומט וואָס ער איז פון מיר אַוועק ? וועל איך אייך באַלד דערציילן : — אַזוי ווי איך האָלט

אַ באָרדינג הויז, קומט צו מיר אַמאָל אַרייַן אַ מיידל, אַ יונגע, אַ שיינע; מיט אַ שלאַנקער פיגור, מיט ווייסע ציין ווי פּערל, אירע האָר— אַ זעלטנקייט. ווי נאָר מיין מאַן האָט זי דערזען, איז ער געוואָרן אין איר „פערליאָפּעט״ און איך האָב זיך גאָר ניט גערינכט, אַז מיינער זאָל פּלוצים אין אַ פרימאָרגן אַנטלויפן מיט דער שיינער מיידל, מיט דער נייער באָרדערקע. אַ כּלל, אַנטלאָפן איז אַנטלאָפן!

— וואָס מיינט איר האָב איך זיך געטראַכט? זאָל ער זיך מיט איר וואַרגן צוזאַמען! און דענקט איר אפשר, אַז ער האָט מיר ניט געשריבן, אַז ער וויל צוריקקומען, איך זאָל אים מוחל זיין? איך האָב אים תיכף געענטפערט, אַז טאָמער קומט ער צו מיר צוריק, וועל איך אים צעברעכן הענט און פיס. וואָס דענקט איר? איך בין טאַקע אַ יידענע, אָבער שכל איז פאַראַן; זאָגט מיר, איך בעט אייך, צו וואָס דאַרף איך אים, דעם מאַן מיינעם, צען יאָר געווען פאַרהייראַט און קיין קינדער מיט אים האָב איך ניט . . .

— געזאָגט האָב איך טאַקע פריער, אַז מיין געוועזענער מאַן איז אַ וואוילער, אַ גוטער, אַ שטילער, דערפאַר טאַקע, זעט איר, טויג ער ניט. — ער טויג ניט דערפאַר וואָס ער איז אַ שטילער, צו אַ גוטער, כאַטש נעם אים און לייג אים צו צו אַ מכה! . . .

— איך האָב גערעדט וועגן אַ „לאַוואַליער״ אָפּצושאַצן . . . יאָ, אמת טאַקע.

— כאַפּטשע אָבער ניט, ווייל די דאָזיקע מעשה, וואָס איך האָב אייך דערציילט, האָט אַ סך צו טאָן צום ענין, ווארום וויסן זאָלט איר, אַז דעם „לאַוועליער״ האָב איך געקראָגן . . . (זי רוימט מיר איין אַ סוד) פון מיין „לענדלאָרד״, איר פאַרשטייט? וויבאַלד ער האָט געהערט, אַז מיין מאַן האָט מיך איבערגעלאָזט, האָט ער זיך גענומען צו מיר שדכנען . . .

— איר זאָלט זען אַ יונג! אַ גאַנצער פאַרשוין, און רייך ווי קורח, געזונט ווי אַן אָקס, קלוג איז ער, קיין עין הרע, ווי שלמה המלך, ווייסן ווייסט ער, אַז די ליבע צו אַ פרוי קען מען נאָר דער־גרייכן מיט דזשועלערי און שיינע קליידער; איר זעט אָט דאָס קליידל? ער האָט עס מיר געקויפט! אַ יאָ ס׳פּאַסט מיר פיין? ווי אַנגעמאָסטן

אויף מיר! ער וויל, דער געליבטער מיינער, איך זאָל טראָגן שיינע קליידער און אַ סך דזשולערי . . . זאָלן מיינע שונאים צעפּלאַצט ווערן, זאָלן זיי די אויגן אַרויסקריכן, די ניט פאַרגינערס, איר מיינט זיי פאַרגינען מיר? אַ גאַנצן טאָג שטייען זיי אין „האָל" און פלוידערן, און באַריידן מיך. זאָגט איר, וואָס איז דאָס זייערע ביזנעס? וואָס דאַרפן זיי זיך מישן אין יענעמס געשעפט? וואָס אַרט זיי וואָס צווישן מיר מיטן לענדלאָרד גייט פאָר? . . .

— אָט האָט איר דעם „לאָוועליער"; אַ יאָ אַן אַנטיקל? ער האָט באַצאָלט אַ סך דאָפיר? ער איז שוין איינמאָל אַ ספּאָרט!... ר׳ סענדער, זאָג איך צו איבּ, ווארום גיט איר אויף מיר אויס אַזוי פיל געלט? ס׳דאַך אַ נאַרישקייט . . . זאָגט ער, ר׳ סענדער הייסט דאָס, ביסט עס ווערט, ביסט אַ מלאך, האָסט אַ גאָלדן האַרץ! גע־הערט אַזוינס? אַ גאָלדן האַרץ האָב איך! . . . אַזוינע רייד, זאָל איך שלעכטס האָבן, צי איך האָב אַמאָל געהערט פון מיין געוועזענעם מאַן!...

— וואָס זייט איר אַזוי אומגעדולדיק געוואָרן? וואָס איז אייך ניט גוט געוואָרן? . . . זאָל איך אייך דעם קאָפּ מיט עסיק רייבן? אפשר רופן אַ דאָקטאָר? געוואַלד ראַטעוועט! אַ דאָקטאָר!... אַ דאָקטאָר! . . .

# באַשערט אַן אומגליק

(הומאָרעסקע)

אוי, יידישע קינדער, איך זאָג אייך, אַז ס'איז באַשערט אַן אומגליק, קומט עס צו אייך אין הויז אַריין און זעצט זיך אַוועק אויף אייערע פּלייצעס, און ליאַרעמט, און סטראַשעט, און געוואַלדעוועט, און שרייט : דו גיסט געלט ? דו גיסט געלט ? דו גיסט געלט ?... אַנטקעגן וואָס איז דאָס געקומען צו רייד ? . . .

אָט הערט זיך איינעט, פּליז . . . אַנומלט באַגעגנט מיך מיינער אַ לאַנדסמאַן אַ רומענישער, און כאַפּט מיך אָן ביים קנעפּל פון מיין אייבערראָק און לאָזט מיך ניט אָפּ און נעמט זיך מיר דערציילן אַ מעשה — אַ שיינע מעשה און, אַז איר ווילט, אַ מיאוסע מעשה און, אויב איר ווילט מער, אַן „אומגליקלעכע מעשה".

איך האָב געמאַכט אַ פאָרשלאַג, מיר זאָלן בעסער אַריינגיין אין אַ לייברערי, ווייל אויף דער גאַס איז ניט דער פּלאַץ אויסצוהערן מעשיות. אין לייברערי האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ באַזונדערן טיש און מיין פריינד האָט אָנגעפאַנגען זאָגן : — איך בין געווען אויף אַ באַל, וואָס מיין פאַראיין האָט געגעבן, האָב איך זיך באַקאַנט אויפן באַל מיט אַ בלאָנדע מיידל, אַך, איז זי געווען שיין, אַ „דאָל"!, אַ פּרינצעסין, אַ קראַסאַוויצע, אַ שיינהייט ! אַך, אירע בלאָנדע לאָקן, וואָס זיינען אַרונטערגעהאַנגען אויף אירע געטאָקטע גלידער ; אירע אויגן האָבן מיך באַצויבערט, אַזעלכע אויגן זעט מען זעלטן, און דאַן אירע פּיסעלעך, איך זאָג דיר — אַ פּאָר זעלטענע פּיסעלעך, מיט איין וואָרט, אַ רעגעלע „מאַנאַ ליזא" . . .

איך האָב באַמערקט, ווי ביי מיין פריינד האָבן די אויגן געפינקלט ווי 2 פייערן (איך בין אויך ניט גלייכגילטיק געווען, דערהערנדיק די באַשרייבונג פון דער שיינער בלאָנדינקע).

— נו, נו, וואָס איז דער אומגליק ? — האָב איך גייגעריק געפרעגט.

און מיין פריינד האָט פאַרטגעזעצט: — איך ווייס ניט וואָס ס'איז געווען, ווען מיר זיינען אַרויס אין גאַס, האָבן מיר זיך אָפּ־געשטעלט ביי אַ פאָטאָגראַפיסט און איך האָב געמאַכט אַ פאַרשלאַג זיך נעמען „פיקטשורס".

איך האָב מיין פאַפאַן געצייגט די „פיקטשורס" מיט דער שיינער בלאָנדינקע און ס'איז געוואָרן אַ סקאַנדאַל: וואָס הייסט, איך באַקען זיך נאָר מיטן מיידל און נעם שוין „פיקטשורס"? ניין, דאָס וועט ניט גיין! — האָט מיין פאָטער זיך געבייזערט — דו ביסט ניט קיין אָרעם יינגל, איך האָב פאַר דיר אָנגעגרייט אַ מיידל מיט אַ סך נדן, אַ ביזנעס, אַ הויז אַן אייגנס, וואָס האָסטו געטאָן? האָסט מיך אומ־גליקלעך געמאַכט! גיי שוין און נעם אָפּ ביי דעם מיידל דאָס בילד פון דיר מיט איר צוזאַמען! — האָט מיין פאָטער געשריען.

— איך האָב זיך ניט געקאָנט העלפן און האָב געמוזט פאָלגן.

דעם צווייטן טאָג בין איך געווען ביי מיין געליבטער אין הויז און ביי איר געבעטן די בילד, אָבער זי האָט זיך אַנטזאָגט מיר זי אָפּגעבן, סיידן איך וועל איר באַצאָלן 500 דאָלער וועט זי מיר די „פיקטשור" אָפּגעבן. —

איך בין אַהיים געגאַנגען און איר געבראַכט דאָס געלט און האָב דאָס בילד פון איר געקראָגן.

איך בין פאַרלאָבט געוואָרן מיט דער רייכער מיידל, וואָס מיין פאָטער האָט מיר פאַרגעשלאָגן, געקראָגן אַ זייער גרויסן נדן! אַ יחסן! קום זיך איצט אין גרויסער געזעלשאַפט! אָבער דאָ איז די צרה: מיין בלאָנדינקע, די מיט וועלכער איך האָב גענומען „פיקטשורס" צוזאַמען, זי איז געגאַנגען צום פאָטאָגראַף און זיך געלאָזט מאַכן עט־לעכע דאָזען קאָפּיעס פון די „פיקטשורס", וואָס איך בין מיט איר צוזאַמען, און אַלע וויילע קומט זי צו גיין און רייצט זיך מיט מיר: גיסט 500 דאָלער פאַר דער „פיקטשור", איז זי דיינע, אַניט — סטראַ־שעט זי מיר, זי וועט מיך אָנקלאָגן אויף „בריטש אָוו פראָמיס" און ס'וועט קאָסטן שווערע טויזנטער!!

— געהערט אַזאַ אומגליק! — זיפצט מיין פריינד — איך בין איצט צווישן צוויי פייערן: וועט מיין רייכע כלה דערהערן פון דער

געשיכטע מיט דער בלאָנדער מיידל, איז אויס שידוך, אויס נדן, אויס אַלץ!

— היינט אין דער פרי — דאָס זעלבע. איך גיב אַ קוק, האָפּ! זי איז דאָ מיט נאָך אַ „פיקטשור" אין האַנט און סטראַשעט: גיסט 500 דאָלער, גיב איך דיר די בילד.

— סטייטש, גזלנטע, וואו זאָל איך דיר נעמען יעדעס מאָל הונדערטער! הונדערטער!

— ווערסט געבן, באַיעלע! האָסט פון וואַנען! האָסט אַ רייכן שווער! האָסט אַ רייכע כלה! אַ בראָך צו אייךביידן!!... — האָט זי געשריען וואָס אַמאָל שטאַרקער.

— פליז, האָב רחמנות אויף מיר, אויף מיין פאָטער, אויף מיין אומגליקלעכע כלה... — האָב איך זיך ביי איר געבעטן.

— וואָס, רחמנות אויף דיר? וואָרום האָסטו ניט רחמנות אויף מיר? אויף מיינע געפילן? יאָ! יאָ! אַזוי האַנדלען די רייכע! מיט אונדז אָרעמע רעכנט מען זיך ניט! האָסט געזוכט מאַכן מיט מיר אַ קאָמעדיע! זיך גענומען „פיקטשורס" מיט מיר!!!...

***

אויף מיין פריינדס געזיכט האָט זיך געוויזן אַ איראָנישער שמייכל, און ער האָט פאָרטגעזעצט: די ענדע פון דער „טראַגי־קאָמעדיע" איז געווען, איך האָב ביי איר אָפּגעקויפט אַלע בילדער און האָב אויס־גערעכנט, אַז די גאַנצע געשיכטע האָט מיר אָפּגעקאָסט באַלד צען טויזנט דאָלער...

מאָראַל: ווען פון אייך עס גלוסט זיך נעמען „פיקטשורס" מיט בלאָנדע מיידלעך, זאָל זיך ריכטן אויף אַזאַ טראָבל!!!

# ברײנדל מיט נחומצען פֿאָרן אויף אַ לוסט רײזע קײן ניו יאָרק

רופֿט זיך אָן ברײנדל צו איר מאַן נחומצע ,װעלכער איז געלעגן אויסגעשטרעקט אויפֿן דיװאַן און געלעזן „שבת נאָכן קוגל״: —

— נחומצע, װײסט װאָס מיר האָט זיך פֿאַרגלוסט ? אַנו, טרעף אַז דו ביסט אַ מאַן, — טרעף, לאָמיר זען װאָס פֿאַר אַ קאָפּמענטש דו ביסט ! — זאָגט ברײנדל גוטמוטיק.

— איך װײס װאָס דיר קען פּלוציב אײנפֿאַלן ? — זאָגט נחומצע, ציענדיק אָן אַקסל.

— מיר װעלן פֿאָרן קײן ניו־יאָרק אויף אַ לוסט־רײזע און אין אײן װעגס װעל איך זיך זען מיט מײן שװעסטער צירל. האָב זיך פֿאַר־בענקט נאָך איר . . . שוין דרײ יאָר זיך מיט איר ניט געזען! . . .

— צו װאָס פֿליען אַזש קײן ניויאָרק און דאָרט פֿאַרשװאַרצט װערן ? אַרויפֿקלעטערן די טרעפּ פֿון די „עלעװײטערס״, אַרונטער־קלעטערן די טרעפּ צוב „סאָבװײ״ . . . — אָט אַזוי האָט געטענהט אונדזער פֿאַרשוין, אַרומשפּאַנענדיק איבערן צימער מיט די הענט אויף די פּלײצעס... מעשה באָס, דיקטירנדיק אַ בריװ דער סטענאָגראַפּיסטין!

— נחומצע ! — האָט ברײנדל אויסגעדונערט — אַז איך װיל, װעסטו מיר ניט אײנרײדן קײן שמדסקע שטיק ! — נעם, פּאַק אײן אַ רענצל און מאָרגן זונטיק אין דער פֿרי װעלן מיר זיצן אין דער באַן פֿאָרנדיק קײן ניויאָרק ! אין ניויאָרק ! — האָט ברײנדל פֿאַנ־טאַזירט — מיר װעלן גײן זען ייִדיש טעאַטער אמתדיק ; ארײנגײן אין אַ רומענישן קעלער, זיך שאַפֿן װײן און קאַרנאַצלעך, מיט לע־בערלעך, מיט סטײקלעך, מיט אַלע גוטע זאַכן ! . . . לעבן זאָל ניויאָרק! װי שטאַרק איך בענק נאָך דיר ! . . . — און שײנע פֿאַנטאַזיעס האָבן זיך איר פֿאַרגעשטעלט, אַ ביסל אַ לעב טאָן ! . . . מישטײנס געזאָגט,

באַלטימאָר אויך אַ שטאָט! סאַמע ליטוואַקעס! וואו זעט מען דאָ עפּעס אַ לייטישן פּלאַץ, וואו מען זאָל קענען אַריינגייך פאַרברענגען!...

— דערפאַר אָבער איז מען דאָ מאָנטיק ניט „געבראָכן" — האָט נחומצע אונטערגעהאָלפן — און מען קען שפּאָרן אַ דאָלאַר, קומען צו אַ צוועק.

ענדלעך האָט זיך אונטערגערוקט די גליקלעכע שעה און אונדזער פאַרפאָלק זיינען אָנגעקומען קיין ניו יאָרק.ביים סטיישאָן רופט זיך אָן ברײַנדל: „אָנו, נעם אַרויס צירלס אַדרעס, זי וואוינט ווייט פון דאַנען?"

נחומצע זוכט אין אַלע פּאַקעטס... און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז זיי האָבן פאַרגעסן מיטנעמען צירלס אַדרעס, וועלכע — לויט ווי ברײַנדל האָט געדענקט — איז ערגעץ אין דער בראָנקס האָט זי אַמאָל געוואוינט! . . .

— אַ ווייטאָג מיר, אַ קלאָג האָט מיך געטראָפן! — האָט זיך ברײַנדל געקלאָגט — וואָס טוט מען איצט? ווי אַזוי פאָרט מען צו צו צירלען, אַז מען ווייסט ניט איר אַדרעס? אײן צירל איז פאַראַן אין ניו יאָרק? און אַז זי זאָל שוין יאָ געדענקען די גאַס, וועט עס אויך ניט טויגן ווען מען ווייסט ניט דעם נומער פון הויז . . . איר שפּילט זיך מיט ניו יאָרק? . . .

אַז אַך און וויי צו אַזאַ מאַן ווי נחומצע, וואָס באַזיצט אַזאַ אשת חיל ווי אונדזער ברײַנדל! . . .

ענדלעך איז געבליבן, אַז מען וועט צופאָרן צו אַ האָטעל איבער־נעכטיקן. — ס'איז געוואָרן שפּעט, און מיד איז מען געווען, האָבן זיי געדונגען אַ צימער אין אַ האָטעל.

פאָלגענדע געשפּרעכן זיינען פאָרגעקומען צווישן אונדזערע פאַר־שוינען: —

ברײַנדל (צו איר מאַן): — האָסט פאַרשלאָסן די טיר? פאַרגעס ניט, מיר זיינען אין אַ פרעמדער שטאָט, אין אַ פרעמדן הויז! ניויאָרק איז אַ שטאָט פון סאַמע באַנדיטן, האָלד־אַפּניקעס! רויבער! מער־דער! שווינדלער!

נחומצע (געלאַסן): — אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג.

ברײַנדל: — האָסט אַרונטערגעקוקט אונטערן בעט? װער װײסט, אַ גנב האָט זיך געקענט באַהאַלטן און אונדז באַפאַלן און באַראַבעװען.

נחומצע: — יאָ, האָב געקוקט, אפשר װאָלסט דו געשװיגן? איך בין אַזױ מיד שלעפעריק, און צעבראָכן . . .

(אַ װײלע אַרום)

ברײַנדל (שפּרינגט אױף ראַפּטאָם): — געװאַלד! מען באַפאַלט אונדז!

נחומצע (גײט אַרונטער פון בעט, מאַכט ליכטיק): — ס'איז גאָר־ניט, ברײַנדעלע, דאָס קלאַפּט אַזױ דער זײגער.

ברײַנדל: — נײן, ס'אַ ליגן, דאָס זענען אַ גאַנצע מחנה באַנדיטן, װאָס װילן אונדז באַפאַלן און אונדז באַרויבן. געװאַלד! רוף אָפּ די פּאָליצײ, מיר זענען אין געפאַר, זע נאָר, גאַטעניו, װי אים אַרט ניט! (צײגט אויף איר מאַן) איך, אַ שװאַכע פרוי, האָסט מיך געשלעפּט קײן ניו יאָרק, איך זאָל דאָ שטאַרבן פון שרעק אין אַ פרעמדן הויז. דאָס ביסטו נאָר שולדיק אין דעם! װען דו זאָלסט זײַן אַ מאַן מיט געפיל, האָסטו ניט געװוען באַדאַרפט צו לאָזן פאָרן קײן ניו־יאָרק און אויס־ברענגען אַזױ פיל געלט. אַזאַ מאַן װי דו, װעלכער רואיגירט אויף אַזאַ שענדלעכן אופן אַ פאַמיליע און שטײט גלײַכגילטיק װען אַ פרוי איז אין געפאַר און בײטיקט זיך אין הילף... — אַזאַ מאַן איז אַ גע־װײנלעכער מערדער, אַ רױבער און אַ שאַרלאַטאַן! . . .

נחומצע, דערהערנדיק אַזעלכע אומדערװאַרטע װערטער, האָט גע־עפנט אַ פענצטער און איז אַרונטערגעשפרונגען אין גאַס! . . .

# אַ פאַרגרעסערטע ביזנעס

(מאָנאָלאָג)

דאַרף זיך טרעפן ביי אונדז אין באַלטימאָר, אַז מיינער אַ פריינד, אַ רומענישער, זאָל זיך באַקענען מיט אַ מיידל אויף אַ חתונה, שליסט מיט איר באַקאַנטשאַפט; 2 הערצער זאָלן אָנפאַנגען ברענען ווי די זון אין מאָנאַט דזשון. אַ כלל, פאַרליבט איז פאַרליבט!

וואָס זשע האָט דאָס צו טאָן מיט מיר? וואָס בין איך שולדיק, אַז מיין פריינד האָט אַזאַ שוואַכקייט וואָס ער זאָל זיך פאַרליבן ביז וואַנזין אין אַ מיידל? וואָס בין איך שולדיק וכדומה, אַז דער יונג, מיין לאַנדסמאַן הייסט דאָס, באַזיצט אַ פאָר צויבער אויגן, אַ קאָפּ שוואַרצע געדיכטע האָר און זאָל צו דער מויד נאָר אַ ווינק טאָן און— זייערע הערצער זאָלן זיך פלוצלונג צעפלאַקערן? צו וואָס בין איך ווייטער שולדיק, אַז די מויד איז אַזוי רייצנד בליענד שיין ווי דער מאָנאַט מאַי??? וואָס בין איך שולדיק אין דעם? פאַר וואָס? פאַר וואָס? פאַר וואָס? . . .

איך זאָל אייך זאָגן מבינות, צי די מויד געפעלט מיר? אַ שטייגער, וואָס האָט זי מיר ניט צו געפעלן? צו וואָס אַ שטייגער האָט זי מיר יאָ צו געפעלן? זי איז דאָך שוין, דאַכט זיך, איינעם געפעלן געוואָרן, מיין לאַנדסמאַן הייסט דאָס! . . . און דאָן פאַרגעסט ניט, אַז איך בין אַ פאַרהייראַטער, וואָס־זשע האָט זי מיר יאָ צו געפעלן? וואָס, אַ שטייגער, וואָלט דערויף געזאָגט מיין ווייבל? וואָלט זי דען געשוויגן? אָט אַזוי ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך, דאַכטזיך, אַ מאָנסביל, אַ פאַרשוין: היט זיך מיר אָפּ מיינע אייגענע ביזנעס! . . . איך ליב ניט אויף יענעם צו רעדן קיין שלעכטס.

דאַרף זיך טרעפן, אַז די דאָזיקע מויד, מיין פריינדס געליבטע, זאָל צו מיר צוקומען און שמייכלען און מיט אירע אויגן מיך דורכשטעכן; און צו מיר פריינדלעך זיין און אַ זאָג טאָן מיט אַ העפלעכן

טאָן און ביי מיר אויסקינפּטע בעטן איבער מיין פריינד, צי איך ווייס עפּעס פון אים; צי ער האָט ניט, גאָט באַהיט, קיינע שלעכטע זיטן; צי ער טרינקט ניט? צי ער שפּילט ניט? איך בין דאָך ניט, ווי זאָגט איר, קיין „אינפאָרמאַציאָנס ביוראָ״! וואָס איך ווייס וועגן אים, ווייס איך, אַזוי פיל אַז ער איז אַ שטיקל ביזנעסמאַן, באַזיצט אַ קענדי סטאָר, ער וועט שוין אייער לעבן זיס מאַכן אי מיט זיינע קענדי, אי מיט זיינע אויגן! . . . שמייכלט דאָס מיידל מיט צופרידנהייט און איך האָב שוין געדאַנקט גאָט וואָס איך בין פּאַרטיק! . . .

בקיצור, זיי האָבן חתונה געהאַט. מזל טוב! מזל טוב! מיט מזל זאָלט איר לעבן! . . .

האָט זיך אויסגעלאָזט — דער בעל־הביתל האָט נאָכגעזען, אַז די קענדי סטאָרקע טראָגט ניט אײַן גענוג אויף אַ לעבן צו מאַכן פאַר אַ ווייב, און אפשר, ווי איר זאָגט, פאַר קינדער; רופט זיך אָן מיין לאַנדסמאַן:

— מאָריס, דו ביסט מיר אַ גוטער פריינד און איך בין גוט אויף צרות!

— וואָס איז נייעס? — האָב איך שוין מיט פאַרדאַכט געפרעגט.

— וועל, — ענטפערט ער, — די מעשה איז אַזוי: מען דאַרף האָבן סחורה אין סטאָרקע, וואָלט זיך זיכער געלייזט און איך וואָלט בעסער פּרנסה געהאַט; מיט איין וואָרט, מען דאַרף פאַרגרעסערן די ביזנעס! . . .

— יאָ, יאָ! — האָב איך צוגעגעבן — סחורה איז אַ גוטע זאַך. מיט מער סחורה לייזט זיך בעסער. מער פיש אין טייך, כאַפּט זיך בעסער!

מיין פריינד האָט געשמייכלט: — אפשר וואָלטן מיר אַריינגע־שטעלט אַ גוטן „פּאַונטעין״, דאָס דאַרף קאָסטן אַ אַכט הונדערט דאָלאַר. דו וועסט אויסלייגן דאָס געלט און יעדן מאָנאַט וועל איך דיר צו ביסלעך אומקערן. . .

איך האָב דאָס געלט געליען, און אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך געקומען צו מיין פריינדס סטאָרקע. איך גיב אַ קוק און מיר איז פינצטער אין די אויגן געוואָרן: — די סטאָרקע פאַרמאַכט! איך

פרעג זיך נאָך ביי די שכנים, זאָגט מען מיר, אַז ער איז אַוועק קיין קענעדע.

אַ מידער בין איך אַהיים געקומען דערציילן מיין יידענע, ווי אַזוי מיין לאַנדסמאַן האָט מיך גוט באַאַרבעט, און מיין ווייבל האָט מיר געזאָגט: וואַרט, ביסט נאָך ניט פאַרטיק! סוזי! — גיט זי אַ געשריי אַריין אין קיטשען און דאָס יונגע ווייבל פון דעם פאַרשוואונדענעם מאַן איז אַריינגעקומען! איך האָב אויף איר אַ קוק געטאָן און בין שיר געפאַלן חלשות. —

איצט בין איך צווישן צוויי פייערן, און ציטער פאַר מורא — איך זאָל ניט גאָר אָנגעקלאָגט ווערן פאַר „ביגאַמי“.

# „קעניג ליער ! . . .״

(אָדער דער „סטאַר״)

איר הערט, ס׳איז פאַראַן אַ ווערטל: שוסטער, בלייב ביי דיינע לאַסטן! און איר זאָלט דאָס גלויבן און גאָט זאָל אייך באַשיצן פון אַזאַ געדאַנק, ווי, להבדיל, אַז אפשר מאַכט זיך איר האָט אַ טרעיד, איר זייט אַ שוסטער אָדער אַ שניידער און ס׳האָט זיך אייך פאַרגלוסט צו ווערן אַן אַקטיאָר, איר האָט זיך ממש איינגעשפּאַרט און איר ווילט ניט אַנדערש ווי צו ווערן אַ גרויסער „סטאַר״ און שפּילן די הויפּט־ראָלע איז — צרות!

אייך ווילט זיך דאָך מסתמא וויסן, וואָס איך האָב זיך פלוצים גענומען וועגן דעם ענין, האַ?

הערט זשע זיך איינעט!...

אנומלט איז אויסגעבראָכן אַ סטרייק צווישן די שניידער און מ׳האָט עס אַוועקגעסטרייקט שיינע עטלעכע מאָנאַט, האָבן זיך צו־נויפגענומען אַ חברה שניידער מיט שוסטערס, זיך „געמיטעט״ אין אַ פּלאַץ און אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז קיין אַרבעט ביי זייערע פאַכן איז ניטאָ, „טאָ זאָלן מיר זיך נעמען שפּילן יידיש טעאַטער!״...

אַ יונגער מאַן, וועלכער איז געווען אַמאָל אין ניו יאָרק און האָט געזען אַדלערן שפּילן דעם „קעניג ליר״, האָט מיט באַגייס־טערונג געטענהט, אַז ער איז אַ קינצלער, אַ „שפּילער״. — „איך וועל אייך אָפּשפּילן אַ ׳דוד משהלע׳ ״, — האָט ער געטענהט, — „אַז איר וועט איבערראַשט ווערן!״ (צווישן אונדז זאָל דאָס בלייבן, ער איז טאַקע אַ גוטער שפּילער — — אין פּינאָקל). דער דאָזיקער „שפּילער״ איז ביים טרעיד אַן אָפּערייטאָר, און אַזוי ווי אַרבעט איז איצט ניט פאַראַן, איז ער אַרומגעגאַנגען פאַרטיפט אין גע־דאַנקען און איינשטודירט גוט די ראָלע פון „דוד משה דער יידישער קעניג ליר״. מען האָט געמאַכט עטלעכע רעפּעטיציעס און ס׳האָט

זיך שוין געדאַכט, אַז מ׳וועט שוין קענען אָפּשפּילן אַ „פּיעסאָלע״ און מ׳עט מאַכן „מאָני״, און צו וואָס זיך פּלאָגן ביי שניידעריי, באַלאַנגען צו דער „יונע״ (יוניאָן), אַוועקסטרייקן מאָנאַטן־לאַנג? זאָגט איר, איך בעט אייך, האָבן זיי דען ניט רעכט? איז דען ניט בעסער צו ווערן אַ „סטאַר״?... איז דען ניט פּיל בעסער צו ווערן אַ דראַמאַטיקער, ווי איידער צו שוויצן אין אַ שאָפּ ביי שניידעריי???...

און אָט פּאָרט שוין אונדזער טרופּע אַרום אויף דער פּראָווינץ. מען האָט זיך גוט אַדווערטייזט. אויף אַפישן מיט „פּיקטשעס״ און מיט גרויסע אותיות איז געשטאַנען געשריבן, אַז פּייוועלעוויטש דער סטאַר וועט אויפטרעטן אין דער טיטל־ראָלע פון „דוד משהלע״.

ס׳איז געווען פרייטאָג פאַרנאַכט. אַ גרויסער עולם האָט זיך געקליבן צו גיין זען די קינסטלער קאָמפּאַני. מען איז געשטאַנען אין „ליין״ ביי דער קאַסע, מ׳האָט געקויפט בילעטן און מ׳האָט זיך באַזעצט אויף די „סיטס״.

און דערווייל האָט זיך די טרופּע הינטער די קוליסן אַרומגעקוקט, אַז ס׳איז נאָך נישקשהדיק פרי אָנצופאַנגען שפּילן; האָבן זיי זיך גרימירט נאָך זייערע ראָלן, וואָס זיי דאַרפן פאָרשטעלן און אונדזער סטאַר, ר׳ פּייוועלעוויטש, האָט זיך אָנגעטאָן אַ גרויסע לאַנגע, ווייסע באָרד, וואָס איז געווען אָנגעהאָנגען אויף אַ דראָט. הייס איז דאָרט געווען, האָט ער די דראָטענע באָרד אַרונטערגענומען און זיך אַוועקגעזעצט שפּילן אַ פּינאָקל מיט אַן אַנדער „אַקטיאָר״. דער „מענעדזשער״ האָט דערזען, אַז די האָל איז שוין געפּאַקט מיט מענטשן, האָט ער זיך אויף די „עקטערס״ געבייזערט און זיי געהייסן אָנפאַנגען שפּילן!...

ווען דער פאָרהאַנג איז אויפגעגאַנגען, איז נאָך פּייוועלעוויטש געווען שטאַרק פאַרטיפט אין דעם „געים״, אין „פּויקער״, און גאָר ניט געזען ווי דאָס גאַנצע קינסטלער פּערסאָנאַל איז שוין געווען כמעט אויף דער בינע!...

דער ערשטער אויפטריט איז זיך אָנגעגאַנגען. די „עקטערס״

האָבן געזאָגט די פּראָזע, דער סופליאָר האָט גוט געשוויצט, און ווען ס׳איז אָנגעקומען די ראָלע פון דוד משהלען, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז פּייוועלעוויטש איז נאָך אין „דרעסינג רום״ . . .

— דוד משהלע!... דוד משהלע!... — האָבן די אַנדערע אַק־טיאָרן געשריען הינטער די קוליסן.

— שניידערוק, אַ בראָך נאָך דיר! — האָט זיך דער סופליאָר געבייזערט.

און פּייוועלעוויטש איז אַ צעווילדעטער אַרויף אויף דער בינע אָן דער באָרד, ווייל אין איילעניש האָט ער גאָר פאַרגעסן, אַז ער דאַרף צו דער ראָלע טראָגן אַ באָרד! . . .

ווען דער עולם האָט אים דערזען אַלס דוד משה אָן אַ באָרד, האָבן זיי אָנגעהויבן פייפן און שרייען און קלאַפּן . . . אַנדערע האָבן אים באַוואָרפן מיט באַנאַנעס . . . ס׳איז געוואָרן אַ גאַנצער טומל, דער עולם האָט גענומען שרייען: אָרדער, פּליז! אָרדער!...

און די הונגעריקע שניידער, די אַקטיאָרן, האָבן געכאַפּט די באַנאַנעס און עס איינגעשלונגען...

דער מענעדזשער איז אַרויף אויף דער בינע און געוואָלט „עקספּליינען״ דעם ווערטן פּובליקום, אַז ס׳האָט זיך געטראָפן אַן עקסידענט מיט דעם סטאַר, אַז ער האָט זיך אָוועקגעשפּילט אין פּינאָקל און איז אין איילעניש אַרויף אָן דעם גרים און...

— אונדז וועט איר ניט בלאָפן, מיסטער! — האָט דער עולם געשריען — וואָס מיינט איר, איר וועט קומען פון ניו יאָרק קיין באַלטימאָר אָפּבלאָפן דעם עולם?? . . . מיר ווילן צוריק דאָס געלט! . . . גיט אונדז צוריק דאָס געלט!

פּייוועלעוויטש דער סטאַר האָט דערזען דעם טומל, וואָס איז נאָר דורך אים געוואָרן, איז ער אַנטלאָפן דורך אַ הינטער־טיר און פון דעמאָלט אָן האָט ער געשוואָרן, אַז מער קיין „עקטער״ וועט ער ניט זיין!... און איצט גייט ער אַרום זוכן אַ דזשאַב אַלס אָפּעריייטאָר ביי מענער הויזן!!! . . .

# זי האָט געפונען איר אידעאַל

(הומאָרעסקע)

סיידי פלאַסטער איז אַ לעבעדיקע מיידל און חלומט פון אַ גרויסן אידעאַל. אָפט זיצט זי פאַרטיפט אין געדאַנקען איינע אַליין אין איר רום און טראַכט אויף עפּעס אַ גוטער צוקונפט...

איר אידעאַל איז געווען צו הייראַטן אַ רייכן באַי, וועלכער זאָל קענען „אַפאָרדן" איר פירן אין לוקסוס. דזשייק; סעם; דזשאָו — אירע אַלטע פאַרערער האָט זי שוין לאַנג פון זיך פאַרטריבן. „צו וואָס דאַרף איך די לצים?" פלעגט זי אַ מאַך טאָן, — „אמת, זיי זיינען טאַקע גוטע, אַנשטענדיקע באַיעס, אָבער... זיי זיינען ניט איר אידעאַל!... און וואו געפינט מען עפּעס אַ רייכן „פעללער"? אויף דער יידישער גאַס קומען זיי נישט! רייכע באַיעס קען מען נאָר טרעפן ערגעץ אין אַ „סאָמער רעסאָרט" אין אַ רייכן האָטעל — האָט זי צו זיך געזאָגט און אַ געניאַלער געדאַנק איז אין איר מוח געקומען: — „איך וועל אָפּשפּאָרן עטלעכע דאָלער, זיך נעט קליידן, נעמען וואַקיישאַן און פאָרן קיין אַטלאַנטיק סיטי"!...

סיידי פלאַסטער איז געקומען אָן אויסגעפּוצטע קיין אַטלאַנטיק סיטי, זיך געדונגען אַ רום אין דעם רייכסטן האָטעל אויפן „באָרדוואָק" פאַר אַ וואָך צייט... „וואָטס די יוז" צו וואוינען אַ גאַנצן מאָנאָט אין אַ ביליקן האָטעל, וואו מען קען קיינע „ספּאָרטס" ניט געפינען? איז דאָך שוין בעסער איינצושטיין אין אַ רייכן האָטעל פאַר דאָס געלט אויף אַ וואָך צייט! האָט זי זיך באַרעכנט, אַז אין דעם רייכן האָטעל וועט זיך ווי עס איז דאָך געפינען אַ „סוועל גאַי", וואָס זאָל איר געבן אַ „גוט טאַים" און פאַלגלעך זיך איר דערקלערן אין ליבע! . . .

און אַזוי איז עס טאַקע געווען . . . ווען זי איז דעם ערשטן טאָג אַרונטערגעקומען אין „דיינינג רום", זיינען כמעט אַלע טישן

געווען פאַרנומען מיט געסט: פרויען, מענער (קענטניק שוין פאַר־היראַטע), קינדער און מיידלעך... אין אַ ווינקל איז, ווי געוואונטשן, געווען איין טיש אַ ניט פאַרנומענער נאָך און דאָרט האָט זי זיך אַוועקגעזעצט און געוואַרט, מען זאָל זי סערווירן . . .

א יונגער מאַן מיט אַן אַריסטאָקראַטישן אויסזען, זייער נעט געקליידט, האָט סיידין העפלעך באַגריסט און פאַרלאַנגט די דער־לויבעניש זיך אויך אַוועקצוזעצן . . . „דאטס די גאַי" — האָט זיך סיידי פלאַסטער געטראַכט און מיט אַ שמייכל דעם יונגן מאַן דערלויבט זיך זעצן. זיי זיינען אין פאַרלעגנהייט אַריין אין אַ געשפרעך ביז מען האָט זיך געגעבן אַ „ראַנדעוואו" ביים ים!...

דעם נעקסטן טאָג האָט סיידי זיך געטראָפן ביים ים אויפן זאַמד מיט דעם „סוועל פעללער", וועלכער האָט אויך געטרוימט צו טרעפן אַ „סוועל גוירל", וואָס שטייט אײַן אין די רייכע האָטעלן...

דער „רייכער באַי", טרעפנדיק סיידין ביים אַפּאַינטמענט, האָט אַנגעקוואָלן פון נחת און זיך געטראַכט: ענדלעך האָב איך געפו־נען מיין אידעאַל! . . . זיי זיינען אַריין אין אַ געשפרעך ביז דער „ריטש פעללער" האָט זיך סיידין דערקלערט אין ליבע און איר פאָרגעשלאָגן, אַז עס וואָלט געווען אַ גליק פאַר איר, ווען זי זאָל אים היראַטן! . . . אָבער סיידי איז פון דיזע ווערטער ניט גערירט געוואָרן: שוין ניט איינער האָט זיך איר דערקלערט! . . .

סיידי האָט מיט אַ געמאַכטן שמייכל אים געענטפערט, אַז זי וועט אפשר איינשטימען אים היראַטן, אָבער ער זאָל איר דערקלערן צו ער איז ווירקלעך „גוט אָפ" וואָס ער שטייט איין אין אַזאַ רייכן האָטעל, און, ניט פיל טראַכטנדיק, האָט ער איר „דערקלערט", אַז ער איז „גוט אָפ": ער האָט געהאַט אַ פּייפּער סטענד, וועלכן ער האָט פאַרקויפט און פאַר אים געקראָגן 300 דאָלער און איצט, אַז עס וועט זיך אים מאַכן אַ גוטע פּאַרטי, וועט ער ווידער גיין אין ביזנעס און עפענען אַ קענדי סטאָר.

סיידי, דערהערנדיק פון איר „גליק", איז געפאַלן אין חלשות.

# גאָלדענע ציין

— משטיינס געזאָגט, ער קוקט איר אין מויל אַריין... נו, קוקט ער, וואָס־זשע איז? דאַרף מען זיך אַזוי קאָכן? אַ דענטיסט מוז! ער מוז איר באַטראַכטן די ציין! אַנדערש ווי אַזוי־זשע וועט ער איר קענען „פיקסן" די ציין? ער מוז דאָך איר קוקן אין די ציין! ער וועט דאָך אויף זיי מוזן אַרבעטן! דאָס נעמט צייט: קום היינט! קום מאָרגן! קום יעדן טאָג! אַוודאי מוז זי קומען יעדן טאָג צום דענטיסט — דער דענטיסט קען דאָך צו איר אין הויז ניט קומען!... ווי זאָגט איר? ער איז דאָך אַ דאָקטאָר מיט אַ דיפּלאָם! ס'פּאַסט גאָר ניט, זי זאָל אַרומגיין מיט שלעכטע ציין. וואָס וועט די וועלט זאָגן? אַ שנאָרער בין איך? איר האָט גערעדט? געוויס האָט איר גערעדט! איך זאָג אויך אַזוי, איר וואָלט געוועזן אַ שנאָרער צו לאָזן אייער ווייבל אַרומגיין מיט שלעכטע ציין. מען וועט זאָגן, איר פאַרגינט איר ניט דאָס לעבן, איר זייט צו קאַרג!... טאַקע וואָרום זאָלט איר איר איינקאַרגן?... סטייטש, דער יונגער דענטיסט?! נעמט און שיקט אייער ווייבל צו אַן אַלטן דענטיסט און פאַרטיק! איז דאָך די מעשה אַזוי, אַז אַן אַלטער דענטיסט האָט ניט די נייע מעטאָדן צו פיקסן ציין. נעמט אַ יונגן דענטיסט, אַזעלכן וואָס האָט ניט לאַנג „געגראַדויאייטעד דענטיסטרי" — אַזאַ דענטיסט, זעט איר, אַרבעט אויף גאָר נייע מעטאָדן! קען פּראַקטישער אַרבעטן, פאַר־שטייט בעסער אַ דזשאָב צו מאַכן!

איז דאָך, דאַכט זיך, גוט, האַ? טויג ערשט ניט! וואָס מיינט איר, ס'טויג ניט? ווער טויג ניט? דער יונגער דענטיסט! למאי ער קוקט דער יונגער ווייבל צופיל אין מויל אַריין!

דער יונגער מאַן, ווען ער האָט געענדיקט די לעצטע ווערטער, האָט אין האַנט גענומען דאָס קייטל פון זיין זייגערל און עס געוויקלט אַרום דעם פינגער. און בשעת מעשה האָט ער מיך מיט די אויגן

אָפּגעמאָסטן און געוואָרט, וואָס איך וועל אַ שטייגער זאָגן. וואָס קען איך זאָגן דערויף? אַ דענטיסט מוז אַ מענטשן קוקן אין מויל אַריין, דאָס הייסט, אויף די ציין. למאי, יונגערמאַן, גייט איר מיט אייער ווייבל ניט מיט צום דענטיסט, אַז איר זייט עפּעס חושד?

— וואָס הייסט, איך זאָל מיט איר מיטגיין? קיין אַנדערע זאַך, דענקט איר, האָב איך שוין ניט צו טאָן ווי גאָר גיין און „וואַטשען" מיין ווייבל ביים דענטיסט? ווער וועט אַ לעבן מאַכן? ווער וועט אין שאָפּ פאַרשוואַרצט ווערן? אייך איז לייכט צו זאָגן, איך זאָל מיט איר מיטגיין צום דענטיסט! איר אויף מיין פּלאַץ וואָלט דאָס געטאָן? אַיאָ, איר שמייכלט? נו, און אַז איך וואָלט שוין יאָ מיט מיין ווייבל צום דענטיסט מיטגעגאַנגען, וואָס וואָלט געווען? וועט ער מיך אין דער לאַבאָראַטאָריע אַריינלאָזן? אין לאַבאָ־ראַטאָריע נעמט ער אַריין בלויז די, וואָס פּיקסן זיך די ציין! דאָס הייסט, ווי מען זאָגט אויף דאָקטאָר לשון: די פּאַציענטן. ביסטו ניט קיין פּאַציענט, הייסט ער דיר וואַרטן אין וואַרט־זאַל, און טוט תיכף אַ פאַרמאַך אַ טיר אָן פענצטער, וואָס די טיר איז פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס אָדער וואַטע, דאַדורך מען זאָל חלילה ניט אַרויס־הערן די קולות פון די פּאַציענטן, וואָס מען רייסט זיי די ציין, — היינט גיי זע וואָס ער טוט איר דאָרט, מיין ווייבל הייסט עס! נו, קען מען ניט פּלאַצן? קען מען ניט פון געדולד אַרויס? פון די כלים? זאָגט איר, בין איך גערעכט?

— אַוודאי זייט איר גערעכט! — זאָג איך — גייט שרייט חי וקים, וועט עס אייך דען עפּעס העלפן?!!

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס האָט ער, דער דענטיסט, איר, מיין ווייבל, צו קוקן אין מויל אַריין? וואָס האָט ער דאָרט אַזוינס דערזען? אַ מויל ווי אַלע מיילער, ציין ווי אַלע ציין!!! קום איך אַהיים פון דער אַרבעט אַ מידער, אַ צעבראָכענער, — זאָגט זי, מיין ווייבל, הייסט עס: מאָרגן מוז איך ווייטער גיין צום יונגן דענטיסט! איבער מאָרגן דאָסזעלבע. יעדן טאָג דאָסזעלבע! וואָס מיינט איר, טוט ער איר, מיין ווייבל, הייסט עס? ער קוקט איר ווידער אַריין אין מויל, שטעקט אַריין אין לאָך פון אַ צאָן אַ שטיקל

וואָטע מיט עפּעס שמעקעדיקס און הייסט איר ווייטער קומען: קום הײַנט, קום מאָרגן! קום יעדן טאָג! זאָגט מיר, איך בעט אײַך, וואָס דאַרף זי קומען צו אים יעדן טאָג, ער זאָל איר קוקן אין מויל אַרײַן? וואָס האָט ער דאָרטן אַזוינס דערזען? אַ מויל ווי אַלע מײַלער, ציין ווי אַלע ציין...

דער שרײַבער פון די דאָזיקע שורות איז שוין געוואָרן אַ ביסל אומגעדולדיק, אויסהערנדיק די דאָזיקע מעשה פון דעם יונגעמאַנ־טשיק. — זאָגט מיר, איך בעט אײַך, וואו שטייט עס געשריבן, אַז אײַער ווײַבל מוז אומבאַדינגט גיין צום יונגן דענטיסט? זאָל זי מוחל זײַן און ניט גיין!...

— זייט איר טאַקע אַ ייד אַ חכם! וואָס הייסט, זי זאָל ניט גיין? וואו האָט איר, איך בעט אײַך, געזען הײַנטיקע צײַטן אַ ווײַבל אָן גאָלדענע ציין? . . . דערציילט איר דאָס, וועט זי אײַך אָנשפּײַען אַ פול פּנים! וואָס הייסט, איר איבעררעדן ניט צו גיין צום יונגן דענטיסט זיך אַרײַנשטעלן גאָלדענע ציין? זי וויל דאָך זײַן מיט לײַטן גלײַך! זי מוז דאָך נאָכטאַנצן דער מאָדע! . . . און דאַן — ווער זייט איר, וואָס איר זאָלט מיר מײַן ווײַבל אָפּריידן פון גיין צום יונגן דאָקטאָר זיך פּיקסן גאָלדענע ציין? וואָס איז דאָס אײַער ביזנעס? איר זייט דאָך אַן אינטעליגענט! אַ שרײַבער! ווי פּאַסט דאָס פאַר אַזאַ מענטש ווי איר זיך מישן אין יענעמס געשעפט?!

דער יונגער מאַן, דער נודניק, האָט אויף מיר געקוקט מיט בייזע אויגן. איך בין געוואָרן צעמישט און ניט געוואוסט, וואָס אים צו ענטפערן. און וואָס קען מען אַזאַ „באַשעפעניש" ענטפערן? איך האָב זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט און געשוויגן.... דאָס שווײַגן שיסט אַמאָל אויס שטאַרקער ווי די גרעסטע קאַנאָן!...

דער יונגער מאַן האָט זיך תּיכף געכאַפּט, אַז ער האָט זיך מיט זײַן פּלוידערן באַנאַרישט און ענדלעך געזאָגט: האָט קיין פּאַראיבל ניט און בלײַבט געזונט!

# די מאַמע

(אַ רומעניש פאָלקס מעשהלע)

זי איז געזעסן נעבן איר קינד און אים געזונגען אַ שלאָף־לידעלע און עס מיט צאַרטע ווערטער געבענטשט: שלאָף, מיין קינד! שלאָף! . . .

איינמאָל אין אַ שיינעם זומער טאָג איז דער גרויזאַמער מלאך המות געקומען און אַוועקגערויבט די נשמה פון איר איינציק געצערטלט קינד.

די מאַמע האָט געיאָמערט און געוויינט און זיך געבעטן ביי גאָט: גיב מיר צוריק מיין קינד! מיין איינציקע טרייסט אין מיין לעבן. כ׳האָב מיין גאַנצע יוגנט אָפּגעפינצטערט, געאַרבעט שווער און ביטער אום צו דערנערן מיין איינציק קינד, מיין טרייסט!

זי איז געוואָרן פאַרצווייפלט און געלאָפן איבער פעלדער, איבער וועלדער, דענקנדיק טאָמער וועט זי דאָך דעריאָגן דעם מלאך המות און בעטן ביי אים, ער זאָל צוריקגעבן די נשמה פון איר קינד!

די מאַמע האָט געוואַנדערט ביז זי איז אָנגעקומען צו די שוואַכע פאַרוויאַנעטע דערנער און ביי זיי געפרעגט:

— האָט איר ניט פילייכט דאָ געזען פאַרבייגיין די נשמה פון מיין קינד?

— יע, איך וועל דיר זאָגן, אָבער צוערשט זאָלסטו מיך באַגיסן מיט דיינע הייסע טרערן ביז איך וועל אויפבליען — האָט אַ דאָרן געענטפערט.

די אָרעמע פרוי האָט געפאָלגט און באַגאָסן מיט אירע הייסע טרערן די שוואַכע דערנער ביז זיי האָבן אויפגעבליט און די דערנער האָבן איר געצייגט דעם וועג ווי זי זאָל געפינען דעם פּלאַץ, וואו די נשמה פון איר קינד איז.

און די אָרעמע מאַמע איז ווייטער געלאָפן ביז זי האָט באַ־

געגנט אַן אָרעמע פרוי און ביי איר געבעטן אפשר ווייסט זי דאָס אָרט, וואו די נשמה פון איר קינד ליגט.

— איך וועל דיר זאָגן — האָט זי געענטפערט — אָבער צו־ערשט זאָלסטו מיר געבן דיינע האָר, וועלכע זיינען אַזוי שיין ווי זייד!

די מאַמע האָט דאָס געטאָן! נאָכדעם האָט די אָרעמע פרוי געבעטן ביי דער מאַמע, זי זאָל זיך מיט איר בייטן מיט אירע ציין און זי האָט דאָס אויך געטאָן! און די אָרעמע פרוי האָט געצייגט דער מאַמען דאָס הייליקע פלאַץ, וואו די נשמה פון איר קינד ליגט!

ווען די מאַמע איז צוגעקומען צו דעם הייליקן אָרט, האָט זי דאָרט באַגעגנט אַן אַלטן מאַן. דאָס איז געווען דער מלאך פון דעם גן עדן און די מאַמע האָט געבעטן ביים גוטן מלאך, ער זאָל איר צייגן וואו די נשמה פון איר קינד ליגט.

— זעסט, מיין ליבע פרוי — האָט ער געצייגט — דאָ געפינען זיך אַלע נשמות פון אַלע פאַרשטאָרבענע מענטשן און זייערע נשמות זיינען פאַרוואַנדלט אין בלומען.

די מאַמע האָט תיכף דערקענט איר קינדס נשמה, וועלכע איז אויך פאַרוואַנדלט געווען אין אַ בלום, און די מאַמע האָט געלייענט דעם שיקזאַל פון איר קינד, וואָס איז געווען אויפגעשריבן אויף דער בלום, און מיט טרערן אין די אויגן האָט זי געזאָגט: „אויב מיין קינד וועט דאַרפן איבערקומען אָט די אַלע צרות אין לעבן, דאַן בין איך צופרידן מיין קינד זאָל דאָ בלייבן!...“

# דער גרעסטער רעצעפּט

אין דעם רומענישן דערפל „אורלאַץ" האָט געוואוינט אַ גוי מיטן נאָמען וואַסיל. וואַסיל איז געווען אַן אַלטער אומוויסנדער גוי, וועלכער פלעגט אַ לעבן מאַכן פון האַקן האָלץ, טראָגן וואַסער פון ברונעם, מאַכן פייער שבת ביי יידישע בעלי בתים . . .

איין מאָל איז וואַסיל קראַנק געוואָרן. קיין דאָקטאָר אין יענער שטאָט איז ניט געווען צו קריגן. עס האָט זיך גראד געמאַכט, אַז איך בין אין יענעם דאָרף געווען איינקויפן סחורה... איך בין געווען שטאָטיש געקליידט, געטראָגן ברילן אויף דער נאָז און עס איז אַרויס אַ קלאַנג אין דאָרף, אַז אַ גרויסער דאָקטאָר איז אַרונטערגע־קומען... איך בין שוין געווען ביים „סטיישאָן" און געוואַרט, די באַן זאָל אָנקומען מיך פירן אַהיים אין מיין שטאָט, ווען פּלוצים זיינען צו מיר געקומען 2 גוים, זיך די היטלען אַרונטערגענומען און מיך געבעטן, איך זאָל מיט זיי גיין צו אַ חולה... סטייטש, טענה איך מיט זיי: איך בין קיין דאָקטאָר ניט און בין אין מיין לעבן ניט געווען.

— אוממעגלעך, פּריץ! — ענטפערן זיי — איר זייט שוין גאָר אַ דאָקטאָר און נאָך אַ גרויסער אויך...

מיין פּראָטעסטירן האָט ניט געהאָלפן. זיי האָבן מיך געצוואונ־גען מיט זיי גיין צום חולה און ענדלעך האָב איך איינגעוויליגט.

ווען איך בין מיט די צוויי גוים אַריין אין שטיבל ביים חולה, איז מיר געוואָרן קאַלט און הייס, און איך האָב געטראַכט: וואָס טוט מען דאָ? וואָס פאַרשטיי איך וועגן מעדיצין? איך בין דאָך ניט מער ווי אַ זייגערמאַכער... וואָס בין איך שולדיק, אַז די „מוזשיקעס" האַלטן מיך פאַר אַ דאָקטאָר? „נו, לאָמיך זיין אַ דאָקטאָר אויף אַ ווײַלע!" איז מיר אַ געדאַנק איינגעפאַלן.

איך בין צו צום קראַנקען, אים באַטראַכט דעם פּולס, אים גע־

הייסן מיר ווייזן זיין צונג, און דערנאָך צו די צוויי גוים זיך גע־ווענדט: „אייער מחותן איז טאַקע קראַנק, און אַז ער וועט האָבן יאָרן, וועט ער בלייבן לעבן".

איך האָב ביי זיי געבעטן פּאַפּיר מיט אַ פעדער עפּעס צו פאַר־שרייבן. קיין פּאַפּיר האָבן זיי ניט געהאַט און קיין פעדער צו שרייבן אויך נישט. וואָס טוט מען דאָ? ווי אַזוי ווערט מען שוין פּטור פון זיי און פון דעם דערפל? איז מיר איינגעפאַלן אַן אַנדער געדאַנק: — איך האָב גענומען אַ שטיק קרייד און אויף דער טיר אָנגעשריבן: גיט אים טרינקען בראַנפען מיט טיי! זאָל ער איננעמען צוויי מאָל אַ טאָג „כינין" (קווייניין)...

די גוים האָבן תיכף איינגעשפּאַנט פערד און וואָגן און האָבן די טיר אַרויסגעשלעפּט פון די קרוקעס און זיך געלאָזט פאָרן אין שטאָט אַריין אין אַן אַפּטייק...

ווען דער אַפּטייקער האָט דערזען די גוים, וואָס ברענגען אים די טיר, האָט ער צו זיי געזאָגט: וואָס זייט איר, משוגע צי חסר דעה? איך בין ניט קיין סטאָליער און איך פאַרריכט ניט קיין טירן! . . . — „נייך, הער!" — האָבן די גוים געענטפערט נאַאיוו, „מיר האָבן מיטגעבראַכט די טיר, איר זאָלט אונז מאַכן דעם דאָזיקן רעצעפּט, וואָס אַ גרויסער דאָקטאָר האָט אונז פאַרשריבן". און דער אַפּטייקער האָט זיך שטאַרק צעלאַכט...

# דער צווילינג . . .

— וואוהין איך פאָר, פרעגט איר ? אַז אַך און ווי איז צו אַזאַ פאָרן ! דאָס איז טאַקע מיינע אַ טאָכטער, אַן איינציקע איז זי ; אַ בת יחידה איז זי... אָקאָרשט 21 יאָר אַלט געוואָרן. איך פאָר מיט איר צום פּריזיוו, פאָר איך ! . . .

פרעג איך אייך, רבותי, זאָל מען ניט פּלאַצן פון געלעכטער אויסצוהערן אַזעלכע קאָמישע מעשיות ? . . .

איר מעגט לאַכן געזונטערהייט. די מעשה איז אָבער אַזוי, אַז איך פאָר מיט איר, מיט מיין טאָכטער, צום פּריזיוו, פאָר איך ! ווּעט איר דאָך פרעגן : סטייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ מויד זאָל זיך שטעלן צום פּריזיוו ? דאַכט זיך, אַז צום פּריזיוו שטעלן זיך נאָר יינגלעך, יונגאַטשעס !

איז די מעשה אַזוי : אַליין בין איך פון אַ קליין שטעטל ניט וויט פון יאַסי, דאָס הייסט אַ געבוירענער בין איך אַן עסטרייכער פון טשערנאָוויץ, ס׳הייסט גראָד ניט פּונקט פון טשערנאָוויץ, נעבן טשערנאָוויץ, נעבן דעם רומענישן גרענעץ, נאָר איידער די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, האָב איך זיך אַריבערגעקליבן קיין רומעניע, און בין אַ צופרידענער מענטש. לעבן לעב איך זיך בשלום, עס מיר אַ שטיקל ברויט מיט לייטן גלייך, כאָטש צוריקגערעדט צו עסן אַ שטיקל ברויט ביים גוי, ביים עמלק, איז דאָך ניט אַזוי גרינג. דער גוי, דער רומעניער, איז שוין ניט וואָס אַמאָל געווען. תיכף זידלט ער אייך אָפּ און זאָגט : „לא פּאַלעסטינא, זשידאַנע !"...

און אַז ער זאָגט עס, זאָגט ער עס מיט אַזאַ רציחה, אָבער איינהאַלטן מוז ער זיך, ווארום דער ייד האָט דאָך איצט דאָס רעכט דאָרט, און קוים האָט אַ ייד דאָס רעכט, איז ער דאָך, ווי מען זאָגט, פּונקט אַזאַ מיוחס ווי דער „מאָלדאַוואַן". בקיצור, וואָס האָב איך אייך דאָ פיל צו ברייען ? . . . יאָ, קעגן דעם וואָס איר פרעגט

אוואו איך פאָר מיט דער מויד, מיט דער טאָכטער מיינער, צום פּריזיוו פאָר איך... איך פאָר צום פּריזיוו דערפאַר, ווייל ס'איז דאָ אַ גאַנצער פּלאָנטער מיט מיין טאָכטער. געהאַט האָב איך אַ זון אין די זעלבע יאָרן ווי מייך טאָכטער. געווען זיינען זיי אַ צווילינג. איז דער זון מיינער, וועלכער האָט געהייסן פּסח, ניט פאַר קיין שום יידן געדאַכט, זיך געגאַנגען באָדן אין טייך און איז דערטרונקען געוואָרן . . . בקיצור, געשטאָרבן — געשטאָרבן!

פּלוצלונג קומען מיר אָן צוויי צעטעלעך, אַז איך האָב צוויי יונגאַטשעס און זיי דאַרפן קומען זיך שטעלן צום פּריזיוו...

לויף איך און שריי, געוואַלדעווע ביי אַדוואָקאַטן, זיי דערציילט די גאַנצע מעשה, אַז דאָ איז מסתמא פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטענדעניש, אַז איך האָב געהאַט נאָר איין זון און איין טאָכטער, און אַז דער זון איז מיר געשטאָרבן. בקיצור, ס'האָט ווייניק וואָס געהאָלפן. מען האָט מיר געהייסן פאָרן מיט דער טאָכטער צום פּריזיוו . . . און איך פאָר צום פּריזיוו, פאָר איך.

און איך שוטה, וואָס האָב איך זיך דאָ צו שרעקן, וואָס? וואָס האָט זי, די טאָכטער מיינע, מורא, וואָס? מען קען דאָך זען שוואַרץ אויף ווייס, אַז דאָ איז אַ מיספאַרשטענדעניש פאָרגעקומען און איך האָב נאָר איין זון געהאַט און איין טאָכטער, און אָט איז זי דאָ. דער בעסטער באַוויז . . . נאָר דערוויל האָט דאָס גאַנצע שטעטל געקייכט פון געלעכטער, וואָס איך מוז פאָרן צום פּריזיוו מיט מיין טאָכטער, זאָל געזונט זיין.

# „סטעפאַן שעל מארע״

ניט ווייט פון דעם רומענישן שטעטל „ניאמץ״, אויף אַ הויכן באַרג, געפינט זיך אַ פּאַלאַץ, וועלכער איז אַלט און ראָמאַנטיש. ביי די פּאַלעש פון באַרג פליסט אַ לויטער ריין קריסטאַלן וואַסערל. אין דיזען פּאַלאַץ האָט געוואוינט צוריק מיט עטלעכע הונדערט יאָר „סטעפאַן שעל מאַרע״,* אַ רומענישער מלך. ער האָט געהאַלטן מלחמה מיטן שונא. זיין אַלטע מוטער איז איבערגעבליבן אין דעם „קאַסטעל״ איינע אַליין. דער זייגער האָט שוין געשלאָגן 12 ביינאַכט. איר זון, דער מלך, האָט געהאַט אַ שווערן קאַמף אין יענעם ביינאַכט מיט דעם שונא. עס איז געווען קאַלט פּיבעריש, אין דרויסן איז געווען טונקל, ס׳האָט זייער געדיכט געשנייט. די אַלטע מוטער פון קעניג איז געזעסן פאַרזאָרגט און געשטריקט אַ זאָק און יעדע ווילע אַ טיפן זיפץ אַרויסגעגעבן.

זי האָט געהערט אימיצן קלאַפּן אין טויער פון „קאַסטעל״, און איר האַרץ האָט גענומען שטאַרק קלאַפּן מיט פּחד.

ענדלעך איז זי צוגעגאַנגען צום פענצטער און געזען אַ מאַן רייטנ־דיק אויף אַ פערד, וואָס איז צוגעקומען צום פּאַלאַץ, און זי האָט תיכף דערקענט דעם מלך, איר זון. דער מלך האָט זיך געבעטן ביי איר: אָה, מאַמעניו, עפן דעם טויער, ס׳איז מיר שרעקלעך קאַלט, יעדער אבר ציטערט אין מיר. איך בין קראַנק צעבראָכן, איך האָב געהאַט אַ שווערן קאַמף מיטן שונא! איך בין דורכגעפאַלן! איך בין פאַר־אומגליקט, מאַמעניו!...

— ניין! דו ביסט אַ פרעמדער, דו ביסט עס ניט מיין זון, און אַלץ, וואָס דו דערציילסט מיר, איז ניט דער אמת!...

דער קעניג האָט אויפגעשפּיליעט זיין מאַנטל און איר געצייגט:

*) אויף רומעניש — סטעפאַן דער גרויסער.

— נאַ, זע, מאַמעניו! דערקענסטו מיך דען ניט? איך בין עס דיין סטעפאַן, דיין זון, וואָס איז אַזוי דערשלאָגן, הונגעריק, דורשטיק, פאַרפרוירן, צעבראָכן און פאַרלאָרן! האָסטו דען ניט רחמנות אויף דיין קינד? דיין איינציקן זון? . . .

— כאַ, כאַ, כאַ! — האָט די אַלטע מוטער אויסגעבראָכן אין אַ היסטערישן געלעכטער — ווי קען איך דען דאָס גלויבן? דו ביסט נאָר אַ פרעמדער, אַ פאַרשטעלטער, וואָס ביסטו געקומען מיר אַזאַ ליגן איינרעדן: מיין זון סטעפאַן איז אויפן פעלד ערגעץ ווייט און פירט אַ העלדישע מלחמה. —

— אָבער, מאַמעניו, איך בעט דיך. גלויב עס! איך בין דיין זון, עפן דעם טויער, נעם מיך צו דיר אַריין אין שטוב זיך אַביסל אָנוואַרעמען . . .

— ניין, ניין! אויב דו ביסט ווירקלעך מיין זון, זאָלסטו גיין... גיי ווייטער, אָנפירן די מלחמה. ווען זאָלן? דאַן זאָל דיין קבר מיט בלומענקראַנצן באַדעקט ווערן.

און סטעפאַן איז אַוועק אויפן שלאַכטפעלד און בראַוו געקעמפט, מיט גרויס העלדישקייט און האָט די מלחמה געוואונען. ווען די אַלטע מאַמע האָט די נאָכריכט געקראָגן, האָט זי פון שמחה געוויינט און געפרייט זיך.

## „מעשטערול מאַנאָלע"

מיט עטליכע הונדערט יאָר צוריק האָט געלעבט אין רומעניען אַ מלך, וועלכער איז געווען גוט ביי דער נשמה (כאָטש לייג אים צו צו אַ מכה).

דער דאָזיקער מלך איז געווען זייער פרום און האָט יעדן טאָג ניט פאַרפעלט גיין אין קלויסטער גאָט בעטן...

דאָס לאַנד איז געווען אָרים און עס האָבן אויסגעפעלט קלויסטערס און פילע „מאָלדעוואַנעס" (רומענער) האָבן ניט געהאַט וואו גאָט צו בעטן. פלעגן זיי זיצן אין דער היים, און ניט גיין אין די קלויסטערס...

אומעדיק איז געווען האָט מען דערוויל געשיכורט און געהולעט! מען האָט זונטיק געדונגען כלי זמר און מען האָט געטאַנצט אַ קאַראַהאָד (אַ האָראַ) און אַזוי האָט מען דעם זונטיק, דעם הייליקן טאָג געפייערט. וואו דען זאָל מען געווען גיין, אַז קיין „קינאָמאַטאָגראַף" האָט צו יענער צייט נאָך ניט עקזיסטירט!

דער מלך האָט איינגעזען אַז אַזוי ווייטער קען עס ניט גיין. דער עולם זינדיקט צופיל. גייט ניט אין קלויסטער. האָט ער איינמאָל אין אַ טאָג אָבגעמאַכט און געשטעלט בויען אַ גרויסן קלויסטער אַן אַנטיק! (ער עקזיסטירט נאָך איצט אויך).

אַ קורצע צייט איז אַוועק און די אַרבעט פון דעם גרויסאַרטיקן קלויסטער דורך עקאָנאָמישע אומשטענדן האָט געמוזט אָפגעשטעלט ווערן...

דער קעניג האָט זיך אַרומגעזען אַז ס'איז ניטאָ מער קיין געלד פאַר מאַטעריאַל צו ענדיקן דעם קלויסטער, האָט מען די אַרבייט אָפּ־געשטעלט און דער מלך האָט געקלאָגט און געיאָמערט, באַטראַכטנדיק די שיינע קינסטליכע אַרבייט וואָס קען ניט צוליב מאַנגל אין געלד געענדיקט ווערן! וואָס טוט מען? וואָס טוט מען! האָט ער פאַר־צווייפלט אין פאַלאַץ אַרומגעשפאַנט!...

זאָגן די מיניסטאָרן: — אַדוני קעניג, אַ שאָד אַזאַ פיינע אַרבייט אָפּצושטעלן, מען מוז נאָך גרעסערע שטיינער אויפן פאַלק אַרויפלייגן און זען דעם באַרימטן קלויסטער ענדיקן. דאָס וועט בלייבן אַן אייביק אָנדענקן אויף טויזנטער יאָר.

האָט דער קעניג מיט טרערן אין די אויגן אַזוי געזאָגט: — ניין דאָס האַרץ לאָזט מיך ניט נאָך גרעסערע שטיינער אויף דעם אָרעמען פאַלק אַרויפצולעגן... נור מסתמא איז דאָס גאָט'ס רצון... אַזוי וועט עס זיין, און אונזער הייליקער אַרבייט וועט קאָנען פאַרטגעזעצט ווערן...

ווען די קעניגן האָט דאָס דערהערט איז זי אויפגעשפרונגען און ניט דערלאָזט גרעסערע שטיינער אויפן פאַלק אַרויפצולייגן און אַזוי געזאָגט:

— נעם מיינע רייכע קאָסטבאַרע דימענטן, פאַרזעץ זיי און מיט דעם געלט וועסטו קענען ענדיקן די הייליקע אַרבעט! —

דער פּלאַן האָט יעדן געפעלן און דער קעניג האָט גענוג געלד געהאַט צו פאַרפאַרטיקן דעם קלויסטער...

דער הויפּט אַרבייטער וואָס האָט געבילדעט דעם קלויסטער איז געווען איינער „מעשטערול מאַנאָלע". פּלוצים האָט ער באַמערקט אַז די מויער האַלט זיך ניט גוט, ממש זי פאַלט איין. איז ער געלאָפן און מיט התפּעלות צום קעניג געווענדעט און אים דערצעלט דאָס די מויער וועט זיך באַלד צופאַלן.

דער קעניג האָט זיך באַראַטן מיט'ן עלטסטן גלח וועלכער האָט געזאָגט נביאות אַז די איינציקע זאַך צו טאָן צו רעטן אַזאַ קאָסט־באַרע אַרבעט, איז איינמויערן די ערשטע פרוי, וואָס וועט אין גאַס אַרויסטרעטן, און דורך דעם וועט די מויער ניט איינפאַלן.

„מעשטערול מאַנאָלע" וועלכער האָט אין יענעם פרימאָרגן ערוואַר־טעט זיין פרוי וואָס פלעגט אים ברענגען עסן, אָנגעפאַנגען וויינען מיט ביטערע טרערן... זיין פרוי וועט זיין די ערשטע וואָס וועט זיך באַווייזן אין דערפרי און פאָלגליך וועט מען זי מוזן איינמויערן...

און „מעשטערול מאַנאָלע" האָט געבעטן גאָט אַז אַ גרויסער שלאַגס רעגן זאָל אויסברעכן אַז דאָס זאָל אפשר אָפּשטעלן זיין פרוי פון קומען

צו אים. אָבער עס האָט ניט געהאָלפן און זיין פרוי איז דאָך געקומען און גרויס איז געווען זיין שמערץ און די מויער האָט זיך געהאַלטן שטאַרק ווי אייזן.

שטונדנלאַנג האָט זיך געהערט די שטימע פון דער איינגעמויערטער פרוי וועלכע האָט געשריען מאַנאָלע! מאַנאָלע! די מויער דריקט מיך! ווארום לאָזטו מיך שטאַרבן אין אַזעלכע גרויסע שמערץ? האָב רחמנות און רעטע מיך!... רעטע מיך!...

דאָס איז דער ווילן פון גאָט און אונזער קעניג וועלכער האָט מיר געהייסן אַזוי טאָן!... האָט מאַנאָלע געענטפערט.

אָט דאָס הייסט זיין געטריי און איבערגעגעבן צום פאָטערלאַנד!...

# אַ לעבעדיקער מת

געלעבט האָט אַמאָל ביי אונדז אין באַקאַו אַ גרויסער וויצלער. אַ לץ.

זיין גאַנצער פאַרגעניגן איז באַשטאַנען אין דעם: אָפּצושפּילן אַ שפּיצל עמיצן, אָדער גלאַט אַזוי דערציילן שפּאַסלעך און וויצן.

האָט מען אים באַגעגנט אין גאַס און אים געפרעגט: וואָס מאַכסטו, מאָטל? — האָט ער תיכף געענטפערט: „איך וועל דיר דאָס מאָרגן דערציילן, איצט בין איך זייער מיד", אַבי יענעם לאַכן צו מאַכן.

אין איינעם אַ טאָג איז מאָטעלע געפאַלן אויף אַ געדאַנק און איז אַהיים געקומען, זיך אַריינגעלייגט אין בעט און געוואָלדעוועט: „איך בין קראַנק, איך שטאַרב... ראַטעוועט!"

מענטשן זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן... איניקע האָבן געשריען: לויפט נאָך אַ דאָקטאָר! אַנדערע האָבן געטענהט: עט! ער מאַכט זיך משוגע, גלויבט אים ניט! — אָבער מאָטל האָט פאַרגלאָצט די אויגן, געבעטן מען זאָל מיט אים זאָגן „ווידוי", ער שטאַרבט! און — האָט די אויגן אויף „אייביק צוגעמאַכט" — הכלל, געשטאָרבן איז גע־שטאָרבן...

מען איז באַלד געלאָפן און געבראַכט די חברה קדישה, וועלכע האָבן דעם מת אַרונטערגעזעצט אויף דער פאָדלאָגע, איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצער דעקע און צוקאָפּנס אַ מנורה מיט אַ ליכט.

עטלעכע ווייבער האָבן מיט אַ ניגון געוויינט... מענער ווידער האָבן זייער מיינונג אַרויסגעזאָגט איבער דעם „פאַרשטאָרבענעם" מאָטל, וועלכער האָט זיך אומישנע געמאַכט טויט, אום ער זאָל אויסהערן, וואָס די קהילה האָט איבער אים צו זאָגן . . . אַנדערע האָבן געזאָגט: „אַ שאָד, וואָס ער איז אַזוי פריצייטיק געשטאָרבן, ער האָט דאָס גאַנצע שטעטל פריילעך געמאַכט!"...

דער שמש, וואָס האָט געהיט דעם מת, האָט געזאָגט: „איז ווייני־קער מיט אַ קבצן אין שטאָט" א. אַ. וו...

עס איז געוואָרן באַכט. דער שמש האָט זיך אָוועקגעזעצט לעבן „מת" און געזאָגט תהלים...

מאָטלען האָט דאָס האַרץ גענומען קלעמען: „וואָס טוט מען? איך קען זיך דאָך ניט אויפהייבן און צוגיין צום שראַנק און אַרויס־נעמען עפּעס עסן — איך בין דאָך 'טויט'!"

שפּעטער האָט דער שמש באַדאַרפט אַרויסגיין זאָגן „אַשר יצר"— מען איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש... מאָטל האָט זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט, אַרויסגעקראָכן פון אונטער דער שוואַרצער דעקע, איז שנעל צוגעגאַנגען צום שראַנק און פון דאָרט אַרויסגעכאַפּט אַ שטיק חלה און געשטאָפּט אין מויל אַריין, ווי נאָך אַ קרענק...

האָט ער נאָר דערהערט, דער שמש גייט, האָט ער זיך שנעל אַרונטערגערוקט אונטער דער דעקע מיט די פיס צו דער מנורה...

דער שמש איז אַריינגעקומען, זיך ווידער אַוועקגעזעצט לעבן „מת" און פאָרטגעזעצט דאָס תהלים זאָגן. — פּלוצים באַמערקט ער, דער „מת" ליגט אַנדערש ווי ער האָט אים געלייגט, נאָר מיטן קאָפּ צו דער מנורה...

ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען. ער ווייסט זיכער, ער האָט דעם „מת" אַוועקגעלייגט מיטן קאָפּ צו דער מנורה, ווי־זשע קומט ער צו ליגן מיט די פיס צו דעם ליכט? זיין האַרץ האָט גענומען קלאַפּן; ער האָט געמאַכט געוואַלדעס; מענטשן זיינען זיך צונויפגעלאָפן, און דער שמש האָט דערציילט, וואָס מיט דעם „מת" האָט פּאַסירט!...

מען האָט דעם „מת" אויפגעדעקט, זיך געוואָלט איבערצייגן. און ווי פאַרשטיינערט זיינען זיי געבליבן, דערזעענדיק מאָטלען מיט פולע באַקן מיט חלה!...

— וואָס איז דאָס, מאָטל? ווי איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ מת זאָל עסן? — האָבן מענטשן געשריען — ביסטו טויט צי לעבעדיק? זאָג, לאָמיר הערן!...

מאָטל האָט געשוויגן און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, און ענדלעך האָט ער זיך גענומען מוט און געזאָגט: — וואָס דען וואָלט איר געוואָלט, עס זאָל מיר איבערחלשן דאָס האַרץ?

מענטשן דערהערנדיק, אַז דער „טויטער" רעדט גאָר, איז זיי קלאָר געוואָרן די גאַנצע מעשה, אַז מאָטל האָט זיי אָפּגענאַרט...

אַ לץ בלייבט אַ לץ!

# דעם דאָקטאָרס פאָטער

אין בוקאַרעסט האָט אַ יונגער מאַן געענדיקט אוניווערסיטעט און ענדלעך געקראָגן דעם דיפּלאָם פון דאָקטאָר.

זיין נאָמען איז געווען עמנואל. ער איז געווען אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר 28, מיט זעלטענע פעאיקייטן, כאָטש ער איז געבאָרן געוואָרן אין אַ דאָרף נעבן דער גרויסער שטאָט. נאָך אַלס יונגער יינגל האָט אים זיין פאָטער, אַן אַלטער „צאַראַן" (פויער) אוועקגעשיקט קיין בוקאַרעסט שטודירן.

דער אַלטער פויער פלעגט פלייסיק אַקערן דאָס פעלד און זיינע האָפענונגען זיינען געווען גרויס. שווערע פאַרמעגנס האָט אים דאָס שטודירן פון זיין זון אָפּגעקאָסט. וואָס טוט ניט אַ פאָטער פאַר זיין קינד ? ...

עמנואל איז געווען אַן איידעלער יונג, איז געקומען אין קאָנטאַקט מיטן אַדעל, מיט דער אַריסטאָקראַטיע, און זיך אויפגעהאַלטן אין אַ פענסיאָן, וואו דער אַלטער פאָטער פלעגט מאָנאַטלעך באַצאָלן 300 פראַנק.

באַקענט האָט זיך עמנואל מיט דער רייכער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע פּאָפּעסקו און אָפט פלעגט עמנואל די רייכע פאַמיליע באַזוכן און זיי פלעגן פון דעם יונגן מאַן פיל האַלטן, טראַץ דעם וואָס זיי האָבן געקענט זיין שטאַם... געבוירן אין אַ פאַרם, אַ קינד פון „צאַראַנסקע" עלטערן, אָבער דאָך האָט עמנואל באַזעסן איידעלע מאַנירן ווי אַן אמתער פּריץ... אַ שטאָט־מענטש !...

די פאַמיליע פּאָפּעסקו האָט געהאַט אַ טאָכטער, אַ זעלטן שיינע מיידל. זי פלעגט שפּילן גוט אויף דער פּיאַנאָ און שטענדיק האָט מען זי באַמערקט שפּאַצירן גיין אויפן שאָסעי אין דער באַגלייטונג פון אַן ענגלישער גוּווערנאַנטקע, וועלכע פלעגט דער יונגער מיידל דינען אַלס לערערין און איר „דאַמע דע קאָמפּאַניע". ביי די פּאָפּעסקוס איז פאָרגעקומען אַ קאָנצערט און אַ פּרעכטיקער באַל

לכבוד דער מיידלס געבורטסטאָג און עמנואל איז אויך אָנוועזנד געווען. אין יענעם אָוונט האָט ער אירע עלטערן דערקלערט, אַז ער וואָלט זי געוואָלט נעמען פאַר זיין פרוי און די עלטערן זיינען געווען איינשטימיק: — אַ פיינער שידוך!

לוקרעציאַ, די כלה פון דעם יונגן דאָקטאָר, האָט געמאַכט אַלע פאָרבאַרייטונגען צו דער חתונה, וועלכע האָט געדאַרפט שטאַט־פינדן אין איינעם פון די רייכסטע האָטעלן אין בוקאַרעסט, און נאָך דער חתונה האָבן זיי געפּלאַנט צו מאַכן אַ לוסטרייזע נאָך דער שווייץ...

דער דאָקטאָר עמנואל האָט געעפנט אַן אָפיס אויף „קאַלע וויקטאָריאַ" און איז אָנערקענט געוואָרן אַלס אַ גוטער ספּעציאַליסט!

אַ טאָג בעפאָר דער חתונה האָט לוקרעציאַ אויסגעדריקט דעם וואונטש, דאָס זי וואָלט זייער וועלן דער דאָקטאָר זאָל ברענגען זיין פאָטער צו דער חתונה. דער יונגער דאָקטאָר האָט זיך אַ ביסל געקווייקלט: וואָרום דאָס טאָן? זיין פאָטער איז זייער אַן אומ־וויסנדער, ניט מער ווי אַ דאָרפס־מענטש! ווי קען ער אים אַריינ־ברענגען און אים פאָרשטעלן פאַר אַזאַ רייכע אַריסטאָקראַטיע פון לויטער נאָבל־לייט?!

דעם דאָקטאָרס ליבע צו לוקרעציאַ איז געווען זייער גרויס און ענדלעך האָט ער איר צוגעזאָגט, אַז ער וועט עס טאָן; ער האָט באַלד געהייסן איינשפּאַנען זיין פערד און וואָגן און נאָך אַ רייזע פון 3 שעה איז ער אָנגעקומען צו דעם דאָרף, וואו זיין פאָטער האָט געוואוינט און אים געטראָפן ביי דער אַרבעט, אַקערן דאָס פעלד...

דער אַלטער פאָטער האָט צוערשט דעם דאָקטאָר ניט דערקענט. ווען ער האָט אים דערזען, האָט ער געמיינט, דאָס איז מסתמא דער פרימאר פון אַ גרויס דערבייאיק דאָרף, צו אַזוי עפּעס אַ גרויסער פריץ, און, ווי דער שטייגער איז, האָט ער פאַר אים געקניט און אַרונטערגענומען די „קוטשמע".*)

---

*) „קוטשמע" — אַזאַ מין הוט, וואָס פויערים טראָגן אויפן קאָפּ, געמאַכט פון פוטער (האָריקע פעל).

— דערקענסט מיך ניט? — האָט דער דאָקטאָר מיט אַ צאַרטן שמייכל אויף די ליפּן דעם פאָטער געפרעגט. ער האָט זיך גוט צוגעקוקט און ענדלעך דערזען, אַז פאַר אים שטייט זיין זון.

— קום מיט מיר וואָס שנעלער — האָט ער אים באַפוילן — מיר פאָרן אין שטאָט אַריין, איך האָב היינט חתונה! איך דאַרף דיך פאַר מיין כלה און מחותנים פאָרשטעלן.

דער פויער האָט זיך געקווייקלט, און זיך געטראַכט:

— איך וועל זיי דאָרט פאַרשעמען, קיין פיינע קליידער האָב איך ניט אָנצוטאָן...

— ס׳מאַכט ניט! — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, — איך וועל דיך צוערשט גוט אויסקליידן און נאָכהער וועסטו קומען אויף דער חתונה...

ענדלעך זיינען זיי אָנגעקומען אין שטאָט אַריין און צוגעפאָרן צו אַ קליידער געשעפט און מען האָט דעם פויער אין אַ שוואַרצן אנצוג אָנגעטאָן, נאָך דעם האָט מען אים אָנגעמאָסטן שיך און אַ „באָרסאַלינא" העט און דער אַלטער פויער האָט באַלד אויסגעזען ווי אַ „פּראַנט"...

אויף דער חתונה זיינען אָנוועזנד געווען רייכע דאַמען און הערן, אָפיצירן און אַנדערע אָנגעזעענע אַריסטאָקראַטן. דער פאָטער איז זיך געזעסן רואיק אין אַ ווינקל און אַ וואָרט ניט גערעדט. יעדער האָט בליקן געוואָרפן אויף אים און זיך געטראַכט:

— זע נאָר, ס׳אַ „מאַמעליגע" פאַר אַ טאַטן אַ דאָקטאָר פאַר־גינט זיך עס צו האָבן!

די כלה האָט מיט אַ העפלעכן טאָן דעם דאָקטאָר אַ פרעג געטאָן:

— זאָג מיר, „שערי", וואָס איז די אורזאַכע, וואָס דיין „פּאַפּאַ" זיצט אַזוי פאַרזאָרגט, אַנשטאָט ער זאָל פריילעך זיין, טאַנצן מיט די מחותנים?

— אָ, „מאָן פּעטיט", ער זיצט עס פאַרזאָרגט, ווייל ס׳איז אים ניט אַזוי גוט געגאַנגען היינטיקס יאָר מיט דער תבואה, „קאָמפּרענע וואו"? — און זי אַ גלעט געטאָן מיט צערטלעכקייט...

נאָך דעם טאַנצן איז יעדער צוגעגאַנגען צו די טישן, וואו ס'איז געווען געגרייט די פיינסטע געריכטן, פרוכטן, שאַמפּאַניער, וויין, בראָנפן. מען האָט געגעסן און געטרונקען!... יאָ, מיינע ליבע, מען האָט געטרונקען!

איר ווייסט דאָך ווי אַ רומענער פאַרגינט זיך צום טרינקען! ס'איז געוואָרן לעבעדיק און פריילעך, ציגיינער־מוזיק האָט געשפּילט און יעדער האָט זיך געוויצלט און געלאַכט. די כלה איז צוגע־גאַנגען צום אַלטן פויער, וועלכער איז געזעסן שטאַרק פאַרטיפט אין געדאַנקען, און אַ פרעג געטאָן:

— פּאַפּאַ, וואָרום ביסטו אַזוי טרויעריק,

דער אַלטער פויער, ניט וויסנדיק וואָס צו ענטפערן, האָט ענדלעך אַ זאָג געטאָן:

— איך בין טרויעריק, ווייל... ווייל... איך האָב מורא, אַז דער סוחר דאָרט, וואו איך האָב זיך אָנגעמאָסטן מיין נייעם אַנצוג, וועט מיר פאַרוואַרפן מיין גוטן פּעלץ און די שטיוול, וואָס איך האָב דאָרט איבערגעלאָזט...

(רומענישע אינטעליגענץ געברויכט אין זייערע געשפּרעכן פיל פראַנצויזישע ווערטער: „שערי" — טייערינקער; „מאָן פּעטי" — קליינינקער; „קאָמפּרענע וואו" — פאַרשטייסט?)

# מיליטאַריזם!

ווען איך בין 21 יאָר אַלט געוואָרן, בין איך געשטאַנען צום „פּריזיוו", אָדער ווי מען זאָגט אין רומעניע: צו דער „רעקרוטאַרע". ווערן אַ סאָלדאַט, טראָגן סאָלדאַטסקע קליידער, אַ פּאָר שטיוול, אַ שאַפּקע, און ביי דער זייט אַ קליין שווערדל — ווי איך בין זיי, די סאָלדאַטן, מקנא געווען! און וויסן זאָלט איר, אַז שטאַרק מקנא צו זיין זיי, די סאָלדאַטן, איז ניטאָ וואָס, ווארום וויסן זאָלט איר, אַז אַ רומענישן סאָלדאַט אין בשעת דעם דינען ניט אַזוי פֿויגלדיק, און איבערהויפּט — אַ יידישן סאָלדאַט! . . . מיטן יידישן סאָלדאַט פֿאַרשטעקט מען אַלע לעכער: וואַשן דעם דיל פֿון דער קאַזאַרמע; אויסקערן דעם הויף; טראָגן וואַסער...

קומט די צייט פֿון דער אינסטרוקציע, הייבן זיך אָן נייע צרות. זשידאַנע! — בייזערט זיך דער קאַרפּאַראַל, אַ הויכער שייגעץ מיט אַ פּאָר ווילדע, בייזע אויגן, — דאָס הייסט ביי דיר געמאַכט „מעליציע"? אַזוי איז מען אַ סאָלדאַט? דאָס הייסט געמאַרשירט? שטעל דיר פֿאָר, אַז היינט איז געקומען אין קאַזאַרמע דער גענעראַל רעווידירן די סאָלדאַטן און ער וועט דיך דערזען אין דעם צושטאַנד, וואָס, דענקסטו, וועט ער זאָגן? צו וועמען וועט ער האָבן טענות? צו מיר! . . . — און נאָכאַמאָל — „זשידאַן!" און אַלס צוגאָב: עטלעכע בוכצעס און עטלעכע קולאַקעס, און אַ זעץ אין דער מאָרדע!

און גאָט העלפֿט, דער זייגער שלאָגט 12, ווערט אַ ביסל פֿריילעכער אויף די הערצער; מיט אַ טרומייטער רופֿט מען צוזאַמען די סאָלדאַטן זיך אויסזעצן ביי די הילצערנע טישן און מען טיילט אונדז אין הילצערנע שיסל באָרטשט, אָדער אַמאָל סופּ מיט פֿאַסאָליעס און צובייסן מיט אַ פּאָרציע שוואַרץ ברויט. —

ווען איך בין נאָך געווען אַ רעקרוט, רופֿט זיך אָן דער „קאָרפּאָראַל", אַ שייגעץ, וואָס שטאַמט פֿון ציגיינער: ווילסטו זען, — זאָגט ער צו מיר — די קיך, וואו מען קאָכט דאָס עסן?

— גוט! — זאָג איך — לאָמיך אויף אַ טשיקאַוועסט זען.

ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ קליין צימערל, וואו עס זיינען געשטאַנען 2 גרויסע קעסלען, אין וועלכע עס האָט זיך געקאָכט סופּ. איך האָב זיך גוט איינגעקוקט און האָב באַמערקט, ווי עס זיינען אַרומגעשוואומען אַ גאַנצע מחנה פליגן. דערזעענדיק דאָס דאָזיקע געקעכץ מיט פליגן, זאָג איך צו אים: — טאַקע אַ וואונדער, וואָס עס קומט ניט אָן צו חלשן! . . .

מיך האָט דאָס געצופּט ביי דער נשמה. אַ רחמנות אויף די אומגליקלעכע פליגן, וואָס האָבן נעבעך געפונען אַזאַ פּריצייטיקן טויט איינגעקאָכט צו ווערן אין דעם קעסל סופּ!...

נאָך מיטאָג בין איך מיט נאָך אַנדערע געשטאַנען אין הויף פון דער קאַזאַרמע מיט בעזעמער אין די הענט און דעם הויף ריין געמאַכט. מען האָט זיך געריכט אויף אַן אינספּעקציע. אויף יעדן איז געפאַלן אַ מורא. די קליידער האָבן געמוזט זיין אין בעסטער אָרדענונג: די קנעפּ אָפּגעפּוצטע, אָפּגעשליפענע, די אָפּזאַצן פון די שטיוול האָבן געמוזט זיין גלייכע און שטיוול מיטן גלאַנץ! . . .

איינער אַ קאַפּיטאַן, אַ גוי מיט אַ שפּיציק בערדל און אַ ברייטער נאָז, זיין נאָמען איז געווען „מאָש טיאַקא", דאָס איז געווען אַן אָפיצער פון די אַלטע צייטן, נאָר אַוואַנסירן האָט ער ניט געקענט, צו דעם האָט ער געמוזט האָבן אַ געוויסע בילדונג, געוויסע קענטניסן, האָט מען אים געמאַכט בלויז פאַר אַן אויפזעער אין דער קאַזאַרמע. ווען ער האָט געקראָגן דיזע מאַכט, האָט ער מיט יעדן קאָמאַנדעוועט ווי אים האָט געפּאַסט: האָט ער וועמען פון די סאָלדאַטן באַמערקט אָן אַ קנאָפּ ביים ראָק, איז תיכף געווען דער אורטייל: „זיצן" 3 טעג אין געפענגעניס אויף ברויט מיט וואַסער!... האָט יעמאַנדן געפעלט אַ בערשטל אָדער אַ קעמל, אָדער גלאַט אַזוי עפּעס איז געווען „סקורט"; לאַ אינקיסאָרע". מיט איין וואָרט, דער קאַפּיטאַן „מאָש טיאַקא" איז געווען אַ שרעקלעכע בריאה, און יעדער איינער האָט פאַר אים געציטערט, יעדער איינער האָט געהאָט פאַר אים דאָס קדחת! . . .

ענדלעך איז געקומען דער טאָג פון „אינספּעקציע". דער גע־נעראַל, אַ הויכער מאַן מיט אַ שוואַרצלעך־גראָער באָרד, איז גע־קומען רעווידירן די סאָלדאַטן. — מיר זיינען אַלע געשטאַנען אין די רייען אויסגעצויגן ווי סטאַטועס און דער גענעראַל האָט אונדז באַטראַכט, יעדן איינעם אָפּגעמאָסטן און פון גרויס נחת אָנגע־קוואָלן: פיינע סאָלדאַטיקלעך! אַ מחיה זיי שיקן אין מלחמה, אויפן שלאַכטפעלד! . . .

קאַפּיטאַן מאָש טיאַקא האָט בשעת מעשה זיך געגלעט דאָס בערדל, און דער גענעראַל איז צו אים צוגעגאַנגען און אים די האַנט געדריקט: בראַווא, קאַפּיטאַנע! — האָט ער אים גוטמוטיק געזאָגט — איר זייט אַ פיינער, אַ גוטער מיליטאַריסט... נאָר איין זאַך גע־פעלט מיר ניט!...

קאַפּיטאַן טיאַקא איז איבערראַשט געוואָרן:

— וואָס פאַר אַ פעלער, הער גענעראַל, האָט איר דאָ באַמערקט, וואָס אייך געפעלט ניט?

— איר זעט, הער קאַפּיטאַן, — האָט דער גענעראַל שוין מיט אַן ערנסטן שמייכל געזאָגט — אַלץ איז אין אָרדענונג: די יוני־פאָרמען, די שטיוול אָפּגעפוצטע, די קנעפּ אָפּגעשליפענע, אָבער זייערע מאָגנס זיינען אויסגעטריקנטע, אויסגעהונגערטע! גיט זיי עסן, און זשאַלעוועט ניט! די סאָלדאַטן זעען אויס, ווי זיי פּגרן דריי מאָל אַ טאָג פאַר הונגער! . . .

אַ פאַרשעמטער, מיטן קאָפּ אַראָפּגעבויגן, איז קאַפּיטאַן טיאַקא פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער קאַזאַרמע. און אויף מאָרגן האָט אונדז אַ גוטער און געשמאַקער פרישטיק דערוואַרט, און מיר האָבן זיך געפרייט און געשריען: עס לעבע דער הער גענעראַל! און נידער מיט מאָש טיאַקא!!!

„מאָש טיאַקא" איז דער נאָמען פון אַן אַלטן רומענישן אָפיציר.
„לאַ אינקיסאָרע" מיינט אויף רומעניש: זיצן אין טורמע, אַרעסט.

# רעקרוטן

אין מאָנאַט נאָוועמבער. די בלעטער פון דיביימער זיינען שוין לאַנג פאַרוויאַנעט געוואָרן. דער שניי ליגט זיך מאַיעסטעטיש אויסגעשפרייט אויף דער ערד; שוין כמעט אין פולן גאַנג פון ווינטער: עס הערשט מאָנאָטאָניע אינעם שטעטל באַקאָו. ס'איז פינף אַ זייגער פאַרטאָג; יונגע לייט מיט בלאַסע געזיכטער לאָזן זיך גיין צו דער קאַזאַרמע. דאָס זיינען די נייע רעקרוטן. זיי גייען איצט אַריין אין אַ נייער וועלט; אין אַ ניי אומבאַקאַנט לעבן.

אויס פרייהייט! אויס פאַנטאַזיעס! פאַר זיי איז איצט די צייט פון טראָגן אַ מונדיר און דינען טריי דעם פאַטערלאַנד!

איך מיט אַ חברה יונגע בחורים זיינען געשטאַנען אין הויף פון דער קאַזאַרמע. מיר זיינען געשטאַנען מיט פאַרזאָרגטע פנימער און געחלומט פון אַ גוטער צוקונפט.

זיסע חלומות האָבן אַרומגעשוועבט אין אונדזער טיפער פאַנ־טאַזיע: מיר וועלן אויסדינען דעם „פאַטערלאַנד" און ווערן פרייע מענטשן! . . .

אָ, פרייהייט! פרייהייט! . . .

אַ יונגערמאַן מיט אַ בלאַסן געזיכט איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און צו קיינעם קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. אים האָט קיין זאַך ניט אינטערעסירט אויסער דאָס נייע סאָלדאַטסקע לעבן, וואָס ער וועט פון היינט אָן און ווייטער דאַרפן דורכלעבן...

אַ „קאַרפּאַראַל" איז לאַנגזאַם צו אים צוגעטראָטן און זיך געוואָלט מיט דעם בלאַסן יונגען מאַן פאַרטיפן אין אַ געשפרעך: —

— וואָרום שטייסטו אַזוי פאַרטראַכט? האָב קיין מורא ניט, עס וועט דיר גאָר נישט זיין. עס ווענדט זיך נאָר אין דיר, אויב דו וועסט דיך פיין אויפפירן מיט די „גראַדן", מיט די „גראַדירטע" סאָלדאַטן; דער קאַפּיטאַן, דער קאָלאָנעל, זיי זיינען געסט בלויז אין דער קאַזאַרמע;

זיי קומען אויף אַ שטונדע צוויי און גייען אַוועק. אָבער מיר, „גראַ־דירטע", מיט אונדז זייט איר שטענדיק צוזאַמען — האָט אים דער „קאַרפּאַראַל" געטרייסט.

— מיר וועלן זיך סטאַרן — האָט דער בלאַסער יונגער מאַן קוים צווישן די ליפּן געמורמלט. ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ זילבערנע פּושקעלע מיט סיגאַרעטלעך, פאַררויכערט און צום „גראַ־דירטן" אויך דאָס פּושקעלע דערלאַנגט: — איר רויכערט? —

— מערסי!*) — האָט דער יונגער שייגעץ ווי אַ כיטרער וואָלף אַ זאָג געטאָן, ניט אַרונטערגעמענדיק אַן אויג פון דעם שיינעם סי־גאַרעטן־פּושקעלע, און זיך געווענדט: — וואו האָט איר עס געקראָגן?

— אין בוקאַרעסט.

— אין בוקאַרעסט? — האָט זיך דער „קאַרפּאַראַל" געוואונדערט — שוין לאַנג האָב איך אַזאַ פּושקעלע געזוכט, האָב אָבער ניט געקאָנט געפינען. אַ שאָד, כ'לעבן, וואָס איר טראָגט דאָס ביי זיך: דאָ אין דער קאַזאַרמע זיינען פאַראַן פיל, וואָס זיינען „לאַנג ביי דער האַנט", דאָס הייסט האָבן ליב צו לאַטכענען. גיט עס מיר, איך וועל אויף דעם אויפפּאַסן. ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, צווישן „גראַדן" מוזן זיך סאָלדאַטן גוט באַנעמען, אויב זיי ווילן, ס'זאָל זיי גוט גיין...

מיט אַמאָל איז געוואָרן אַ געפילדער, אַ ליאַרעם: אַלע האָבן געציטערט פאַר שרעק. „אַרונטער די היטלען!" — האָבן די „גראַדן" געשריען צו די רעקרוטן.

דער קאָלאָנעל איז געקומען!...

אויף אַלע איז געפאַלן אַ שרעק, אַ פּחד!

— שטעלט אייך אַלע אין „לאַין" — האָט מען די רעקרוטן באַ־פוילן...

דער קאָלאָנעל איז געווען אַ דיקער מאַן מיט אַ שאַרפן בליק

*) „מערסי" — אויף פראַנצויזיש — אַ דאַנק! רומענער האָבן ליב אַרויסצו־ווייזן, אַז זיי פאַרמאָגן בילדונג, געברויכן זיי פראַנצויזישע ווערטער אין זייער שפּראַך.

און מיט אַ שפּיציק בערדל. מען האָט אים דערלאַנגט עטלעכע פּאַ־פּירן, וועלכע ער האָט אונטערגעחתמעט; ער האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך גוט אויסגעהוסט; אַריינגעשטעקט די רעכטע האַנט צווישן ראָק, געמאַכט אַ פּאָזיציע ווי אברהם לינקאָלן, בשעת ער האָט געהאַלטן די רעדע ביי „געטיסבורג" אין צייט פון בירגער קריג, און האָט אָנ־געהויבן:

— סאָלדאַטן און רעקרוטן! היינט איז אַ גרויסער טאָג, אַ הייליקער טאָג: היינט ווערן נייע רעקרוטן פאַרוואַנדלט אין נייע סאָל־דאַטן! צו אייך, רעקרוטן, וויל איך ריידן! זייט בראַווע און גוטע סאָלדאַטן, זייט גוטע קעמפּער פול מיט פּאַטריאָטיזם! פאַר אייער פּאַטערלאַנד זאָלט איר אייער לעבן אָפּפערן, אין צייט פון מלחמה זאָלט איר אַרויסצייגן פיל העלדישקייט! זאָל די וועלט זען, ווער די עמלקים זיינען געוועזן. איר זייט איצט יונג, זייט אָבער פול מיט לעבן. די דיסציפּלין זאָל זיין אייער אָפּגאָט! זייט ניט קיין פאַרשטאָפּטע קעפּ! זייט ניט קיין מאַמעליגעס!

דעם קאָלאָנעל איז דאָס בלוט אין פּנים געקומען פון זיין פייער־דיקער רעדע, ער האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: מאַרש! . . . און די נייע סאָלדאַטן זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער קאַזאַרמע...

נאָך דעם האָט מען אונדז געטיילט אַלטע יוניפאָרמס, וועלכע מיר האָבן געדאַרפט אָנטאָן. איך האָב באַטראַכט מיינע מלבושים. זיי זיינען געווען פול מיט „פּרעהס דריטער מכה"... אַ סאָלדאַט האָט זיך געוויצלט איבער מיין יוניפאָרם און מיר געזאָגט, אַז די קליידער האָבן שוין מיטגעמאַכט די מלחמה אין יאָר 1887 . . .

אָבער מיר האָט עס ניט געאַרט. זיי זיינען ניט קיין יידישע יו־ניפאָרמען, זאָלן „זיי" זיך שעמען מיט דעם, ניט מיר יידן.

# דער אוצר

ווען ביי אונדז אין באַקאַו האָט געלעבט אַן אַלטער גוי קאסטאקע, האָט ער פאַרן שטאַרבן צו זיינע דריי זין אַזוי געזאָגט: — קינדער, איך גיי פון דער וועלט, קיין פאַרמעגן האָב איך ניט אייך איבער־צולאָזן, בלויז די קו. איר וועט זי פאַרקויפן און זיך צווישן אייך מיט דעם געלט צעטיילן אויף דריי גלייכע חלקים!

נאָך לאַנגע צאַנקערייען איז עס געבליבן, אַז דער אינגסטער ברו־דער זאָל די קו פירן אין שטאָט צום מאַרק און זי פאַרקויפן. (דער אינגסטער ברודער האָט געהייסן פאקאלע). אָפגייענדיק אַ היפּשע שטרעקע, האָט פאקאלע זיך אָוועקגעזעצט אויפן פרישן גראָז און אַרויס־גענומען פון זיין זאַק אַ שטיק מאַמעליגע און געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט. דערנאָך האָט ער אָנגעקליבן שטרוי און געגעבן דער קו עסן און איר צוגעבונדן מיט אַ שטריק נעבן אַ בוים.

פאקאלע האָט דערנאָך געזונגען אַ רומענישע „דאָינאַ״. פאקאלע האָט מיט גרויס טאַלאַנט געזונגען די „דאָינאַ״, אַז אפילו אַ טעאַטער־קריטיקער וואָלט עס אויך איבערראַשט!... די קו, פון איר זייט, האָט געטרייסלט מיטן עק פאַר גרויס ענטוזיאַזם. דער גוי איז געווען זייער מיד און איז תיכף איינגעשלאָפן. און ס'האָט זיך אים געחלומט אַזאַ מעשה: —

די קו איז פאַרשוואונדן געוואָרן. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז צו צום בוים און — — — ניטאָ די קו! וואָס טוט מען? — האָט ער אין פאַרצווייפלונג געטראַכט, — מיינע ברידער וועלן מיך געוויס הרגענען, אַז איך וועל אָן דער קו אַהיים קומען, און אפשר וועלן זיי מיר גאָר ניט גלויבן, אַז מען האָט ביי מיר די קו געגנבעט. זיי וועלן זיכער זאָגן, אַז איך האָב מיטן געלט זיך אָנגעשיכורט . . .

ס'איז געוואָרן אַ גרויסער שטורעם, די שלאַנקע ביימער האָבן מאַיעסטעטיש זיך באַוועגט און פון זייער רויש האָבן זיך געהערט שיינע מעלאָדיען!...

דער יונגער שייגעץ האָט געקוקט צו דעם אַלטן בוים, וואו זיין קו איז געווען צוגעבונדן בעפאָר. ער איז געוואָרן פאַרצווייפלט און זיך געשראָקן: אויס קו; אויס ירושה; אויס געלט!... — און זיין לעבן איז אין געפאַר! —

דער שטורעם איז אַלע ווילע וואָס גרעסער געוואָרן, עס האָט געדונערט און געבליצט. דער גוי האָט זיך געשטעלט אויף די קני, אויסגעשטרעקט די הענט צו גאָט און זיך געצלמט. מיט אַמאָל האָט אַ קנאַק געטאָן אַ שוידערלעכער גרויסער דונער, וועלכער איז געפאַלן אויף דעם גרויסן בוים, וואו די קו איז בעפאָר געשטאַנען — דער דונער האָט דעם דיקן אַלטן בוים אין צווייען געשפאָלטן, איין העלפט איז אומגעפאַלן צום באָדן און פאקאלע האָט אין בוים דערזען אַ גרויסן אוצר, אַ קעסל אָנגעפילט מיט רענדלעך. ער האָט די רענדלעך צו זיך אין זאַק אַריינגעלייגט און איז פול מיט שמחה אַהיים געגאַנגען און געצייגט זיינע ברידער דעם אוצר, וואָס ער האָט געקראָגן פאַר דער קו.

# צום טייוולס מיל

— וואַסילע! — רופט זיך אָן די גלחטע צו איר מאַן דעם גלח, — ס'איז ניט מער אויסצוהאַלטן פון דעם תכשיט, אַ כל־בוניק איז ער, אַ שפּיצל־מאַכער! אַז נאָר ער צעבערעכט און מאַכט אָן שאָדן... געכטן שטעל איך אים איבערוואַשן דאָס געפעס, צעברעכט ער די טע־לער... היינט הייס איך אים אויספּוצן דאָס גלעזל פון לאָמפּ, האָט ער עס מיט דעם ווישן אויף שטיקלעך צעבראָכן... איך זאָג דיר, אַזאַ איינער קען אונדז בדלות שטעלן!

גייט אַרום דער גלח וואַסילע אַ צעבייזטער און קען זיך קיין עצה געבן ווי אַזוי פונעם דינער פּטור צו ווערן. ער האָט מיט אים אַ קאָנטראַקט געשלאָסן אויף אַ יאָר און ער דאַרף נאָך אָפּזיין 7 מאָנאַט; — אַ געניאַלער געדאַנק איז אים געקומען: ער וועט אים אַוועקשיקן מיט 2 זעק ווייץ אין אַ ווייטער מיל, דעם ווייץ אָנצומאָלן.

באַקאַנט איז יענע מיל געווען, אַז ווער ס'האָט דאָרט איבער־גענעכטיקט, איז שוין אַ לעבעדיקער ניט אַהיימגעקומען.

גאַנץ פרי איז דער גלח אויפגעשטאַנען און צו קאָסטאַקע, דעם דינער, אַזוי געזאָגט: —

— הער זיך איין, קאָסטאַקע, נעם דיביידע זעק מיט ווייץ אויף די פּלייצעס און גיי מיט זיי אַוועק צום „טייוולס מיל" זיי איבער־מאָלן. — קראַצט זיך קאָסטאַקע אין קאָפּ און טראַכט זיך: אַ שווערן „דזשאָב" האָט מיר דער גלח געגעבן. נאָר קיין שרעקעדיקער בין איך ניט. — און ער איז אין וועג געגאַנגען מיט די זעק אויף די פּלייצעס.

נאָך עטלעכע שטונדן איז ער ענדלעך צוגעקומען צו דער באַ־שטימטער מיל, האָט אָפּגעלייגט די זעק און זיך אַרומגעקוקט, און קיינעם ניט געזען... אָפּגעוואַרט אַ האַלבע שעה, האָט זיך באַוויזן אַ הויכער דיקער מאַן מיט אַ רויטער באָרד. זיינען שאַרפע בליקן

האָבן געמאַכט קאָסטאַקען אַ ביסל ציטערן און אַ שווייס האָט זיין לייב באַגאָסן.

— וואָס ווילסטו?! — האָט זיך דער מאַן מיט דער רויטער באָרד אויף אים געבייזערט.

— איך בין געקומען אַהער מיט אָט די צוויי זעק ווייץ זיי אָנמאָלן און דערנאָך אַהיימפירן!... מיין בעל הבית, דער גלח וואַסילע, האָט מיך געשיקט אַהער!...

— גוט, איך וועל דיר דעם ווייץ צעמאָלן, אָבער מיט איין באַדינג: דו מוזסט מיר דעם גרעסטן ליגן דערציילן און, אויב דו וועסט דאָס ניט אימשטאַנדע זיין, זאָלסטו וויסן, אַז מיט דעם צעמאָלענעם ווייץ אַהיימגיין וועסטו פון דאַנען ניט...

קאָסטאַקע, וועלכער איז געווען באַרימט אַלס אַ גרויסער ליגנער, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד מיט דעם מילנער און ער האָט אָנגעהויבן דערציילן:

— ס׳איז געווען אין מאָנאַט מאַי; אין דרויסן איז געווען הייס. מיין בעל־הבית האָט מיך געשיקט אויפן פעלד אַקערן. האָב איינגעשפּאַנט די בעסטע פערד און האָב פלייסיק געאַקערט; אַרום מיטאָג צייט בין איך פון דער אַרבעט מיד געוואָרן, האָב די פערד אויסגעשפּאַנט און זיי פרייגעלאָזט זיך פיטערן. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויפן גראָז און גענומען פּראָווען מיין מאַלצייט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ מאַמעליגע מיט אַ זיסער ציבעלע.

פּלוצים האָבן די פערד גענומען הירזשען. איך בין צו און באַמערקט ווי דריי בינען האָבן זיי געביסן. אַן אויפגערעגטער האָב איך גענומען די בייטש און די בינען געשמיסן וועלכע זיינען זיך צעלאָפן און זיינען אַרויף אויף אַ בוים. — איך בין זיי נאָכגעלאָפן, אַרויפגעקלעטערט אויפן בוים און דערזען דאָרט אַ גרויסע נעסט, וואו די בינען פלעגן זיך אויפהאַלטן. — איך בין אין יענער נעסט אַריין און בין זייער איבערראַשט געוואָרן: די נעסט איז געווען באַצירט מיט די פיינסטע טערקישע טעפּיכער; פאַרשיידענע שפּיגלען אויף די ווענט און קאָסטבאַרע בילדער! — אויף אַ גאָלדענעם טיש איז אַרויפגעקראָכן אַ בין אָנגעטאָן אין זייד און געטאַנצט אַ

„וואָלס”. דערנאָך איז צו מיר צוגעקומען אַן אַנדער בין און מיר דערלאַנגט אַ קריגל וויין, וועלכן איך האָב אויסגעטרונקען און דער וויין האָט מיך איינגעשלעפערט. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען שפּעט אין נאַכט און איך בין אַהיים געגאַנגען. אַהיים קומענדיק, האָב איך באַמערקט ווי מיין זייגערל מיטן קייטל צוזאַמען האָבן מיר געפעלט.

דער רויטער מילנער האָט געזען, אַז דער גוי האָט אים אַ היפּשן ליגן דערציילט, האָט ער פון דעם הנאה געהאַט און שטאַרק אַנגעקוואָלן.

קאָסטאַקע האָט גענומען די זעק מיט דעם צעמאָלענעם ווייץ אויף די פּלייצעס און איז טריאומפירנדיק אַהיים געגאַנגען!

# אַ דערפאַרענער דאָקטאָר

ווען איזידאָר נאַטאַנסאָן איז אַלט געוואָרן אַ 17 יאָר, האָבן זיינע עלטערן אָפּגעמאַכט מען זאָל זייער איינציקן זון איזידאָר שיקן קיין פּאַריז שטודירן מעדיצין!

אין באַקאָו, אין אַ קליין שטעטל, קען אַ היינטיקער יונגערמאַן ניט שטודירן, ניט פאַראַן קיין אוניווערסיטעט. און איזידאָר איז שוין דורכגעגאַנגען די אַלע קלאַסן גימנאַזיע...

— אים אפשר שיקן קיין בוקאַרעסט? — האָט די אַלטע מאַמע געזאָגט — דאָרט זענען פאַראַן גענוג שולן און אוניווערסיטעטן; — ווארום זאָל אונדזער זון אין אַזאַ ווייטער שטאָט אַוועקפאָרן? ווארום זאָל ער פאַרפרעמדט ווערן? אַ יונג קינד, אַן איידעלער... — האָט די מאַמע מיטן קאָפּ געשאָקלט און אויף איר געזיכט האָט זיך באַוויזן גרויס אומרואיקייט...

זיין פאָטער, משה נאַטאַנסאָן, אַ זייגערמאַכער, האָט אַרומגע־שפּאַנט איבערן צימער זייער פאַרזאָרגט. ער האָט פיל ניט שטודירט, אַן אַלטמאָדישער ייד, קען גוט דאַוונען און לייענען אַ בלאַט גמרא, דאַוונען פאַרן עמוד!... איז אַ בכבודיקער בעל־הבית, פּרנסה, גאָט צו דאַנקען, איז אויך פאַרן, און נחת פון זייער זון איז זייער איינציקע האָפענונג געווען. — וועגן דעם געדאַנק האָט משה שטענדיק גע־טראַכט און גרויסע האָפענונגען האָבן זיך אין זיין פאַנטאַזיע באַוויזן.

— יאָ, יאָ! זאָל ער פאָרן קיין פאַריז! — האָט ער צוגעשטימט — אין בוקאַרעסט? ניין, רומעניע איז אַ לאַנד פון אַנטיסעמיטיזם!... פאַריז איז אַ פרייע וועלט!... קיין אויסנאַם פון נאַציאָנען באַמערקט מען דאָרט ניט.

און ס'איז באַשטימט געוואָרן, אַז איזידאָר זאָל אָפּפאָרן נאָך פאַ־ריז שטודירן מעדיצין! . . .

און די אַלטע מאַמע האָט צוגעגעבן: — אונדזער זון וועט אויס־

שטודירן און ווען ער וועט צוריקקומען, וועט אסתרל זיין אַ פּאַסיקער שידוך... זיי ליבן זיך דאָך פון איצט אָן, אַ גוט קינד, נעבעך אַ יתומה, אָן אַ טאַטן...

יאָרן זיינען אַוועק, — איזידאָר האָט גאָר ווייניק צו זיינע עלטערן געשריבן! און עס האָט אויסגעוויזן, אַז זייער זון האָט פאַרגעסן אין זיי . . .

דורך אַ געוויסער פּערזאָן האָבן זיי דערפאַרן, אַז איזידאָר איז מיט שלעכטע חברים פאַרפירט געוואָרן און איז אויפן שלעכטן וועג געגאַנגען . . . ער פלעגט אנשטאט שטודירן איבערליגן אין די קאַ־פּעען אויף דעם לאַטייניש קוואַרטאַל. צייטנווייז איז ער אויך גע־גאַנגען באַזוכן די „סעלערס", וואו מען טרינקט ווין און וואו מען טאַנצט דעם באַרימטן טאַנץ „דע ל'אַפּאַש"!... און דיזע טענצע מיט זיינע חברים, מאַנכע פון זיי קינסטלער און מאַלערס, איז איזידאָר באַטאַנסאָן אָפּגעזעסן גאַנצע נעכט און געטרונקען „אַבסינט"...

מיט דער צייט איז איזידאָר געזונקען טיפער און טיפער, זיינע עלטערן האָבן גאָר ניט געקענט פאַרשטיין וואָרום זייער איינציקער זון איז מיט אַזעלכע שלעכטע „גוטע ברידער" אין קאָנטאַקט גע־קומען! . . .

פּאַריז, די צויבער־שטאָט, האָט אים פאַרפירט און אים פון גלייכן וועג געטריבן . . .

אסתרל איז פון בענקעניש זייער איידל געוואָרן און די אַלטע מאַמע איז שטונדן לאַנג געזעסן אַ פאַרזאָרגטע.

ס'איז אַוועק אַ שטיקל צייט. די עלטערן האָבן גאָר אין גאַנצן פאַרלוירן די האָפענונג פון איזידאָרן צו הערן. אין אַ פרימאָרגן איז צוגעפאָרן אַ קאַרעטע און אַ רייך געקליידעטער מאַן אין אַ צילינדער־הוט מיט ווייסע האַנטשו איז אַרויסגעשטיגן, — זיין געזיכט איז געווען איידל און אַ שוואַרץ בערדל האָט מען באַמערקט „אַלאַ פראַנסע". די עלטערן זיינען געשטאַנען ביים פענצטער און ניט געוואוסט, ווער דער אומבאַקאַנטער מאַן איז און די אורזאַכע וואָס ער איז צוגעפאָרן צו זיי...

ער האָט אומגעאַרמט די אַלטע מאַמע און געזאָגט: — איך בין דאָס אייער זון איזידאָר! איך בין דאָקטאָר, געקראָגן אַ דיפּלאָם, און

זיך דערעפנט אָן אָפּיס אויף „פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד"*) ! . . . איך האָב אַ גוטע פּראַקטיקע אין אַ קליינער צייט זיך דערוואָרבן און בין געקומען אויף באַזוך צו אייך ! . . .

און ווי איבערראַשט זיינען זיי געבליבן, ווען דער דאָקטאָר האָט אויך געזאָגט, אַז ער קען איצט אסתרלען גליקלעך מאַכן, זי דער־קלערן פאַר זיין פרוי און אָפּגעמאַכט זי ברענגען קיין פּאַריז מיט זיך!...

אסתרל איז פון גרויס גליק אַהיים געלאָפן איר מאַמען די גוטע נאַכריכט דערציילן. און דער יונגער דאָקטאָר האָט פאָרטגעזעצט :

— ס'איז אמת, איך האָב אייך אַ לאַנגע צייט ניט געשריבן, ווייל קיין פּוסטע זאַכן האָב איך ניט געקענט שרייבן !...

דאָס וואָס איך פלעג איבערליגן אין די קאָפּעען און פלעג אין קאָנ־טאַקט קומען מיט נידריקע ברואים, איז געווען די אורזאַכע וואָס איך האָב זיך געוואָלט באַקענען מיט דעם נידעריקסטן סאָרט מענטשן, ווייל איך האָב געוואָלט פיל לערנען ! . . .

— און איך האָב פיל געלערנט — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט — און מיינע דערפאַרונגען וועלן מיר פיל נוצן אין לעבן ברענגען אין מיין קאַריערע אַלס דאָקטאָר ! . . .

די עלטערנס פרייד איז געווען זייער גרויס.

אַ פּראַכטפולע חתונה איז געפּראַוועט געוואָרן און דעם אַנדערן טאָג פון דער חופּה איז זיך דאָס יונגע פּאָרל אָפּגעפאָרן קיין פּאַריז, אָבער עס האָט לאַנג ניט גענומען ווי איזידאָר איז צוריק אַהיים מיט אסתרלען געקומען, ווייל — בלייבנדיק אַ לענגערע צייט אין באַקאַו**), זיינען זיינע פּאַריזער פּאַציענטן געזונט געוואָרן און נייע פּאַציענטן זיינען צו אים ניט געקומען.

---

*) פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד" — רייכע געגנט אין פּאַריז.

**) באַקאַו איז דער נאָמען פון אַ רומעניש שטעטל, וואו דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות איז געבוירן געוואָרן.

# אַ מעשה מיט אַ טישעלע

נעבן אַ גרויסער לאַנקע פליסט אַ ריין וואַסערל. אַרום און אַרום וואַקסן געדיכטע ביימער; פון דער ווייטנס קען מען באַמערקן אַ שטעגעלע געמאַכט פון ברעטער און איבערגעדעקט איז דער דאַך מיט שטרוי. — ווען איר באַטראַכט דאָס דאַזיקע שטיבעלע, וועט איר זיך ניט טראַכטן, אַז דאָרט וואוינט עפּעס אַ גראַף, אַ פירסט, צו אפשר אַ קייזער, — אַ, ניין. אין דעם דערמאַנטן שטיבל וואוינט זיך בשלום אַ סטאָליער, אַן עלטערער מענטש!... ווען איר באַטראַכט זיין פּנים, וואָס איז פאַר דער צייט צעקנייטשט געוואָרן, וועט איר געוויס מיינען, אַז דער דאַזיקער איינזאַמער מענטש האָט פיל אין זיין לעבן געליטן, און דאָך צומאָל שטראַלט זיין פּנים פון צו־פרידנהייט! . . . .

איז דאָס ניט אַ מאָדנע וועלט מיט מיסטישע מענטשן?

וואוינט זיך דאָרט דער סטאָליער אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, אַן עלנטער, אַן איינזאַמער. ווען איך בין צו אים צוגעגאַנגען, האָט ער געגרויכערט אַ ליולקע און געמיטלעך געצויגן דעם רויך.

— מעג איך אייך עפּעס פרעגן? — האָב איך זיך צו אים געווענדט.

— וואָרום ניט? — איז געווען זיין ענטפער.

— ווי קומט עס, וואָס איר לעבט זיך אַזוי אָפּגעזונדערט פון דער וועלט? אין אַזאַ עלנטקייט?... איר האָט אַ פרוי? פאַמיליע?

— פאַמיליע? פרוי? די נאַטור אַליין, די ביימער, די גראָז, די בערג און טאָלן, — דאָס איז מיין פאַמיליע, דאָס איז מיין טרייסט, דאָס איז מיין פאַרגעניגן! — האָט מיט באַגייסטערונג געזאָגט דער עלנטער סטאָליער. זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן פינקלען, ער האָט מיר געהייסן זיך אַוועקזעצן און מיר געפרעגט, אויב איך בין באַרייט אויסצוהערן אַ מעשהלע, וואָס מיט אים האָט מיט יאָרן צוריק פאַסירט.

— איך בין אַ סטאָליער, — האָט ער אָנגעהויבן דערציילן, — איך האָב אַלע מײַנע יאָרן שווער געאַרבעט אויף אַ לעבן צו מאַכן. איינמאָל איז צו מיר געקומען אַ רײַכער מאַן און האָט בײַ מיר באַשטעלט אַ הילצערנעם טישעלע. ווען דאָס טישעלע איז געווען פאַרטיק, האָט ער מיר באַצאָלט אַ גאַנצן בײַטל מיט געלט און מיר אַזוי געזאָגט: „דאָס טישעלע, וואָס איך האָב בײַ דיר געלאָזט מאַכן, איז פול מיט צויבער. מען דאַרף נאָר עטלעכע ווערטער זאָגן און תיכף וועט מען באַמערקן ווי אויף דעם טישעלע וועלן דערשײַנען אַלע בעסטע געריכטן און די בעסטע ווײַנען“ . . . איך בין זייער איבערראַשט געוואָרן און איינמאָל אין אַ בײַנאַכט האָב איך זיך צו אים אין הויז אַרײַנגעגנבעט און דאָס טישעלע איבערגעביטן און אויף דעם פּלאַץ האָב איך אַוועקגעשטעלט אַן אַנדערע, אַן ענלעכעס. ווען איך האָב דאָס צויבער טישעלע בײַ מיר געהאַט, האָב איך געזאָגט די דאָזיקע ווערטער:

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

טישעלע, טישעלע, צויבער טישעלע,
צייג דײַן וואונדער שנעל אין גויט
טישעלע, טישעלע, צויבער טישעלע
דערשײַנען זאָל מײַן טעגלעך ברויט ! . . .

זאָפאָרט זײַנען די אַלע געריכטן דערשינען אויפן טישעלע און דער סטאָליער האָט זיך ווי אַן אַל־ראַיטניק אַוועקגעזעצט און געגעסן און זאַט געוואָרן. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ בעטל און איז אײַנגעשלאָפן...

פּלוצים האָט ער געהערט שטאַרק קלאַפּן אין טיר. ער האָט זיך האַסטיק אויפגעכאַפּט און געפרעגט: ווער איז דאָרט ?

— דאָס בין איך, דער יעניקער, וואָס האָט דיר מיט אַ סך געלט באַצאָלט פאַרן צויבער טישעלע, אָבער דו ווי אַ גנב, אַ שאַרלאַטאַן, האָסט עס בײַ מיר אַוועקגערויבט אין מיטן נאַכט און פאַר דעם וועל איך דיך שטאַרק באַשטראָפן און דיך שיקן אין געפענגעניש!

דער סטאָליער האָט מיט שרעק געוואָלט נעמען אַנטלויפן,

אָבער ביי דער טיר זיינען שוין געשטאַנען צוויי „זשאַנדאַרן" און אים געפירט אין געפענגעניש.

אויף דער גאַנצער וועלט איז אַרויס אַ קלאַנג פון דעם סטאָ־ליער, וואָס האָט געמאַכט דאָס צויבער־טישעלע, און ווען ער איז אָפּגעזעסן אַ שטיקל צייט אין טורמע, האָט אים דער דאַמאָלסטיקער קעניג („וואַסילי בעציוועסקו*) באַפרייט...

ווען דער סטאָליער האָט זיך געזען אַ פרייער מענטש, האָט ער באַשלאָסן, אַז פרייהייט מיינט צו וואוינען ערגעץ ווייט אין דער ווילדערניש — ווייט פון דער גאַנצער מענטשהייט און ער האָט געוואַנדערט איבער פעלדער און וועלדער און זיך אַליין געבויט דאָס קליינע איינזאַמע שטיבעלע, אין וועלכן ער וואוינט נאָך עד היום, ביים ברעג פון דעם קלאָרן פליסיק וואַסערל און רויכערט אַ ליולקע און איז צופרידן און הערט די וועלט ווי דעם קאָטער!...

און אויב די קאָץ וועט שליסן שלום מיט מיין נעקסט־דאָריקן הינטל, וועל איך אייך דאָס נעקסטע מאָל דערציילן אַ מעשהלע מיט אַ צויבער־שטעקעלע.

*) „וואַסילי בעציוועסקו" איז פשוט דער נאָמען פון אַ גוי וואָס ליבט אַ ביסל משקה.

# אַ רומעניש פאָלקס מעשהלע

עס איז געווען בעפאָר קריסטלעכן פסח, ווען אַלע פויערים פון דעם קליינעם דאָרף „פאַטקאָווע" האָבן געמוזט פאַרקומען בעפאר דעם הייליקן גלח זיך מתוודה זיין אויף זייערע עבירות.

צווישן אַלע פויערים איז אויך געקומען אַן אַלטער ציגיינער, וועלכער פלעגט אַ לעבן מאַכן פון גנבענען, זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קניעס, און דער גלח האָט אים געפרעגט: ביסט וועלכע זינד באַגאַנגען ? . . .

— יאָ! הייליקער פאָטער! — האָט דער ציגיינער געענטפערט.

— שלעכט! וואָסאַרע זינד ביסטו באַגאַנגען, זונעניו? — האָט אים דער גלח ווייטער געפרעגט.

— איך האָב געגנבעט הינער, האָב איך געגנבעט! — האָט דער אַלטער ציגיינער מיט אַ ציטערנדיקער שטימע געענטפערט.

— זייער שלעכט! און ביי וועמען האָסטו די הינער געגנבעט? — האָט אים דער גלח ווידער געפרעגט.

— טאַקע ביי דיר, הייליקער פאָטער! — ענטפערט דער ציגיינער ווידער.

— און וויפיל הינער האָסטו ביי מיר געגנבעט? —

— איך האָב געגנבעט 4 הינער, הייליקער פאָטער! און אַז עס וועט מיר היינט ביינאַכט געלינגען, וועל איך פרובירן נאָך אַ צוויי הינער ביי דיר צוגנבענען, הייליקער פאָטער! — האָט דער ציגיינער געענטפערט.

# אַ גרויסער פּראָפעסאָר

נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעגעסן דינער, האָב איך גענומען אַ וואָק אויף סעקאָנד עוועניו. פּלוצלונג האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ שטעכעניש . . . בין איך אַריין צו מײַנעם אַן אַלטן פרײַנד, וועלכער האַלט אַ דראָג־סטאָר, און בײַ אים געבעטן מעדיצין. ווען מײַן פרײַנד האָט באַטראַכט מײַן פּנים, וואָס האָט זיך געקנייטשט פון שמערצן, האָט ער מיר געראָטן צו גיין זאָפאָרט צו אַ דאָקטאָר.

— איז ער אַ גוטער דאָקטאָר? — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן מיט אַ ציטערנדיקער שטימע.

— יעס. ער וועט בײַ איך נעמען פאַרן ערשטן וויזיט פיר דאָלאַר, און אַז איר וועט צו אים קומען אַ צווייטן מאָל, וועט ער איך טשאַרדזשען בלויז צוויי דאָלאַר . . .

— איז ער ריכטיק אַ גוטער דאָקטאָר? — האָב איך זיך געוואָלט פאַרזיכערן.

— אַ רעגעלער פּראָפעסאָר — האָט מײַן פרײַנד אַ מאַך געטאָן.

אין פינף מינוטן אַרום בין איך שוין געווען בײַם דאָקטאָר און געוואַרט אויף „נעקסט".

אָט עפנט זיך די טיר פון צימער און אַ שטאַרקער מאַן מיט אַ גרויסן שטערן הייסט מיר אַרײַנגיין אין אָפיס . . .

— איך בין בײַ איך דאָס צווייטע מאָל, הער דאָקטאָר — זאָג איך צו אים האַלב אַ דערשראָקענער, און לייג אַוועק אויף זײַן דעסק צוויי דאָלאַר (איך האָב געפּלאַנעוועט, אַז דער וויזיט זאָל מיר נישט קאָסטן אַזוי פיל געלט).

— וועל, — ענטפערט דער דאָקטאָר, אַרײַנלייגנדיק די צוויי דאָלאַר אין פּאַקעט, און גיט מיר אַ טרייסל איבערן אַקסל, מעשה אַלטער באַקאַנטער — נעמט ווידער די זעלבע מעדיצין און איר וועט זײַן אָלרייט . . .

איך בין געוואָרן צעמישט און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן אים. דער „רעגעלער פּראָפעסאָר" האָט געעפנט די טיר און אויס־גערופן „נעקסט" צו זיינע פּאַציענטן, וועלכע האָבן אומגעדולדיק גע־וואַרט אין זאַל.



#ביים דענטיסט

איך בין אַריין צו אַ דענטיסט, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ווייכן לעדערנעם וויג־שטול און געוואַרט אויף מיין נעקסט.

אַקעגן מיר איז געזעסן אַ יונגע מיידל מיט בלאָנדע האָר און זיך געהאַלטן ביי די ציין. קענטיק, אַז די ציין האָבן איר גוט וויי געטאָן.

איך האָב אויף איר געקוקט, די אויגן פון איר ניט אַראָפּ־גענומען ביז — מיר האָבן זיך פאַרליבט.

— וואָס טוט אייך וויי? — האָב איך געפרעגט.

— די ציין.

— ציינט מיר, וועלכער צאָן טוט אייך וויי.

— אָט דער צאָן!

— אָט דער צאָן טוט מיר אויך וויי! אַך, סאַראַ פיינע ציין איר האָט, פריילין! פּערל ציין! . . .

זי איז רויט געוואָרן פון מיין קאָמפּלימענט, האָט זיך ווידער אַ כאַפּ געטאָן פאַר דער באַק און אַזש גענומען קרעכצן.

דער דענטיסט האָט אויף שנעל געשטילט אירע שמערצן, און מיינע אויך.

ארונטערגייענדיק אין גאַס, זיינען מיר שוין געווען אמתע פאַרליבטע.

פון דאָרט זיינען מיר געגאַנגען אין „סיטי האָל" און אַרויס־גענומען „מערידזש לייסענס".

שבת נאָכן קוגל

# ווי אַזוי צו ווערן אַ יידישער שרייבער

היינטיקן פרייטיק, מיינע ליבע לעזער, ווילן מיר אָנפאַנגען צו לעקטשורן איבער דער טעמע: „ווי אַזוי צו ווערן אַ יידישער שרייבער". מיינע ליבע לעזער, צו ווערן אַ יידישער שרייבער, דאַרפט איר, אויב איך מאַך קיין טעות ניט, האָבן אַ ביסעלע טאַלאַנט, און אויך קענען שרייבן און וויסן וואָס צו שרייבן און ווי אַזוי צו שרייבן און איבער וואָס צו שרייבן! . . .

איך בין זיכער, עס וועלן זיך געפינען פיל פון אייך, וואָס וואָלטן געוואָלט עפּעס אויך אָנשרייבן. איז מיין עצה, אַז איר זאָלט שרייבן עפּעס אַ געדיכט! שרייבט פּאָעזיע! וויצן! ראָמאַנען! דערציילונגען! בילדלעך! הומאָרעסקעלעך! פאַבלס! אַנעקדאָטלעך א. אַ. וו. . . . וואָס? איר ווייסט ניט ווי אַזוי אָנצופאַנגען שרייבן עפּעס? הערט זשע אויסעט, פּליז! זאַמלט צונויף אַלטע צייטונגען, דאָרט וואו עס געפינען זיך געדרוקטע וויצן, לידעלעך — באַהאַלט זיי ביי אייך אין אַ טראַנק אויף אַ יאָר אָדער צוויי, שרייבט זיי איבער, שרייבט אונטער אייער נאָמען און שיקט זיי אַריין אין דער רעדאַקציע! דאָרט וועט זיי דער רעדאַקטאָר צוערשט מסתמא איבערלעזן און זען, צי עס איז גוט. און אויב ער וועט דערקענען, אַז „אייער" ליד איז אַ געגנבטע, וועט ער זי געוויס אַריינשמייסן אין „וויץ־קאָרב" (אַזוי טוען זיי שוין מיט די אויסגעשריבענע שרייבער) און אויב איר וועט זען אַ וואָך צוויי, „אייער" ליד ווערט ניט געדרוקט, פאַרלירט ניט קיין מוט און „שרייבט" ווייטער (דאָס מאָל פּרובירט איבערשרייבן געדרוקטע וויצן) און שיקט זיי דעם רעדאַקטאָר. און אויב ער וועט אייך ווידער קעטשען, דאַרפט איר ניט אַריינוואַרפן אין „וויץ־קאָרב", ער וועט זיי איבערגעבן דירעקט צום דזשעניטאָר, ער זאָל אונטערהייצן דעם אויוון פון דער רעדאַקציע! . . .

מאָריס קליין

# אַ דאָקטאָר און אַ דיכטער

אַ יונגער דאָקטאָר, וועלכער האָט געהאַט אַ קאַפּיטשקע „פּראַקטיק" און זייער ווייניק וואָס פּאַציענטן, האָט איינמאָל צו זיך איינגעלאַדן פיל געסט צו זיין געבורטסטאָג.

צווישן די פילע געסט זיינען אַנוועזנד געוועזן רייכע דאַמען (אַלרייטניצעס), לאָיערס, מיידלעך, יונגע לייט און אויך דעם דאָקטאָרס בעסטער פריינט —אַ דיכטער.

מען האָט געהוליעט, געזונגען. די פּיאַנאָ האָט אַרויסגעגעבן אירע העכסטע טענער און געמאַכט דעם עולם מער לוסטיקער, מער פריילעך. באַזונדערס פרעהלעך איז געווען דעם דאָקטאָרס פריינד — דער דיכטער. ער איז ניט געווען גלאַט אַזוי לוסטיק, ווייל זיין גוף איז הומאָריסטיש און באַזיצט אַ גרויסען לירישען טאַלאַנט צו „דיכטיווען" נאָר דאָס היבש ביסעלע וויין מיט וועלכען דער דאָקטאָר האָט די געסט אויפגענומען אָדער בעסער געזאָגט, דער דיכטער האָט זיך אַליין מכבד געווען מיט וויין.

דער דאָקטאָר האָט צו די געסט געזאָגט בזה הלשון: „מיינע טייערע געסט! איך וויל אייך דאָ פאָרשטעלן מיין בעסטן פריינד—אַ דיכטער. ער וועט מסתמא זיך ניט אָנטזאָגן און וועט אונדז עפּעס דעקלאַמירן".

— „בראַוואָ! בראַוואָ!" — האָבן אַלע געסט געפּאַטשט מיט די הענט. און אונדזער דיכטער האָט אָנגעהויבן מעשה גרויסער טאַלאַנט, גרויסער קאָפּ־מענטש (צום דאָקטאָר):

— ווען דו, מיין פריינד, האָסט אין שטאָט זיך עטאַבלירט
האָט צו דיר זיך געקליבן אַ גרויסער עולם! . . .

דיכטער (איראָניש): — וואַרט! וואַרט! בין נאָך ניט פאַרטיק! דאָס אַלטע שפּיטאָל מיט קראַנקע פאַרפאַקט . . . און דאָס עלנדע פעלד — אַ פּאָפּולערער בית עולם . . .

שבת נאָכין קוגל

# אַ קאָנצערט

רעדאַקטאָר (צו זיין רעפּאָרטער): — קענט איר מיר אָפּגעבן אַ רעפּאָרט פון דעם קאָנצערט, וועלכער איז פאָרגעקומען נעכטן?

רעפּאָרטער: — שור! מיס פלאַסטער האָט געסקריפּעט אויף דער פּיאַנאָ; מיסטער פודינג האָט געזונגען הייזעריקע לידער און דער עולם האָט אים באַוואָרפן מיט פאַרפוילטע באַנאַנעס; מיסטער וואַ־רעניק האָט געוואָלט פאַרשטעלן דעם „יידישן קעניג ליער", איז אין מיטן שפּילן אַרונטערגעפאַלן אויפן פלאָר זיין צוגעקלעפּטע באָרד און דער עולם האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן . . . אַ ייִנגל האָט גענומען שפּילן אויפן פידל, האָט ער זיך פלוצלונג געכאַפּט, אַז ער האָט פאַרגעסן דעם סמיטשיק אין דערהיים . . .

— וואָס נאָך האָט פּאַסירט? — האָט געפרעגט דער רעדאַקטאָר.

— ווייטער האָט אויסגעבראָכן אַ „פייט" און ווייבער האָבן גע־חלשט, און מיידלעך האָבן געקוויטשעט און מען האָט געשלאָגן דעם טשערמאַן . . .

— אָלרייט! שרייב, אַז דער קאָנצערט איז געווען אַ גלענצנדער דערפאָלג!



# דער קלוגער באָטלער

אַ מיליאָנער האָט אַדווערטייזט אין אַ צייטונג פאַר אַ באָטלער און אַ יונגערמאַן האָט זיך באַוויזן און דעם מיליאָנער זיינע רעפערענס געצייגט.

דער רייכער מאַן האָט די רעפערענס איבערגעלייענט און מיט אַ צופרידענעם שמייכל צום יונגנמאַן זיך געווענדט:

— אָל־רייט, דו געפעלסט מיר און איבערהויפּט דיינע רעפערענ־סעס לויבן דיך ביזן הימל! וויפיל ווילסטו געהאַלט?

— 600 דאָלער אַ יאָר — האָט דער סימפּאַטישער יונגערמאַן געענטפערט.

— וועל, איך וועל דיר געבן טויזנט דאָלער אַ יאָר, ווייל דו ביסט זייער מאָדעסט! — האָט דער מיליאָנער געענטפערט.

— אָל־רייט! איך בין זייער צופרידן און נעם אָן דעם פּאָזישאָן! אָבער איך האָב נאָך איין פאַרלאַנג . . .

— דהיינו, וואָס איז דיין וואונטש?

— איר זאָלט מיר אויך באַוויליקן 5 פּראָצענט פון אייער יערלעכן „אינקאָם" — האָט דער נייער באָטלער געענטפערט און אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַן איראָנישער שמייכל . . .



# אַ ליטעראַרישע רפואה

אַ טעאַטער מענעדזשער איז איינמאָל קראַנק געוואָרן און האָט געמוזט ליגן צו בעט עטלעכע טעג.

דעם נעקסטן טאָג איז צו אים געקומען זיינער אַ באקאנטער דאָקטאָר אים היילן.

— זעסט, מיין פריינד, — האָט דער דאָקטאָר צום מענעדזשער געזאָגט — דאָ האָב איך דיר געבראַכט אַ גאַנצן פּאַק מיט ביכער־דראַמען, פּיעסן, ציייטונגען, קריטיקן א. אַ. וו. וועסט צוערשט לייענען די ציייטונגען, וואָס איך האָב דיר געבראַכט. דאָרט איז פאַראַן אַ קריטיק איבער דיינער אַ פּיעסע. אַז דו וועסט די קריטיק לעזן, וועסטו שוויצן און נאָכדעם איינשלאָפן און דאָס וועט דיך מאַכן פילן בעסער אין דיין קראַנקהייט! . . . דעם צווייטן טאָג וועסטו לעזן דיזע דראַמע פון אַ נייעם דיכטער, מיסטער פּאַנפּעטש, וועלכער שרייבט מיט אַזאַ טאַלאַנט, אַז עס וועט דיר ניט גוט ווערן און וועסט אין כעס ווערן אויף אים, וועסטו זיך דורכבייזערן, ביז דיין געשוווער וועט פּלאַצן און וועסט איינשלאָפן ביז דעם אַנדערן טאָג, ווען דו וועסט זיך אויפ־כאַפּן אַ פרישער און געזונטער מענטש! . . .

## פאַרשטאַנען ?

דאָקטאָר שמערל איז זייער אַ נערוועזער מענטש, אָבער זיין רעפּוטאַציע דאָ, אין באַלטימאָר, איז זייער גרויס, און דארום איז זיין אָפיס אימער געפּאַקט מיט פּאַציענטן. אין זיין אָפיס האָב איך באַמערקט אַ סיין, וואָס האָט זיך געלעזן בזה הלשון:

קאָנדיציאָנען: 1 דאָלער. ענטפערט שנעל און קורץ אויף מיינע פראַגן. ניט פיל באַדערן, און אָן הקדמות.

איין מאָל בין איך צו אים געקומען, ווען איך האָב געליטן אויף דער „פלו". און אונדזערע געשפּרעכן זיינען פאָלגנדע געווען: —

דאָקטאָר: וואַצימערע?

איך: קראַנק! שפּאַנישע אינפלוענציע!

דאָקטאָר: אָלרייט! ליגט אין בעט . . . טיי! שנאַפּס! שוויצט! קוויניִן! אַספּירמיטל! פאַרשטאַנען?

איך: פאַרשטאַנען! גוד־באַי!

דאָקטאָר: גוד־באַי! . . . נעקסט! . . .



## אַ לעקטשורער

קיין באַלטימאָר איז געקומען אַ לעקטשורער און געהאַלטן אַ רעדע.

ער האָט כמעט גענודעט דעם עולם מיט זיין לעקטשור און יעדער איינער איז איינגעשלאָפן און געשמאַק געכראָפּעט . . .

זעענדיק, אַז דער עולם שלאָפט, האָט ער גענומען קלאַפּן מיט אַ שטעקן איבערן טיש און אַלעמען אויפגעוועקט.

דער עולם איז געוואָרן אין כעס און איינער פון זיי האָט אויסגעשריען צום לעקטשורער:

— סעי, מיסטער, „מיר ווילן ניט דיין האָניק און מיר ווילן ניט דיין ביס": מאַך אונדז ניט צו שלאָפן און וועק אונדז ניט אויף...

מאָריס קליין

# „העלאו!"

ווען יאָסל איז נאָך געווען אַ גרינער, האָט אים זיין געלער לאַנדסמאַן געשיקט אין „דראָג סטאָר" קויפן מעדיצין ווענגן צאָן ווייטיק.

ווען יאָסל איז אַריינגעקומען אין אַפּטייק, האָט אים דער דראָגיסט געזאָגט: — העלאו!

שפּעטער, אַז יאָסל האָט זיין לאַנדסמאַן געפרעגט וואָס „העלאו" מיינט, האָט אים זיין לאַנדסמאַן געזאָגט: — דאָס מיינט גיי אין דר'ערד! . . .

יאָסל איז גלייך אַוועק אין אַפּטייק און געשריען צום דראָגיסט:

— העלאו דיין טאַטן! העלאו דיין מאַמען, העלאו דיר מיט דיין גאַנצן געזינדל! . . .



# אַ חופה אָן אַ חתן

ווען מר. פּאַפּעסקו האָט באַשטימט צו גיין אונטער דער חופה מיט מאריצען, איז ער אויפגעשטאַנען זונטיק גאַנץ פרי, זיך אויסגעפּוצט מיט די נייע קליידער און באַשלאָסן צוגיין צום באַרבער זיך נעמען אַ „העירקאַט" מיט אַ „שעיוו"...

אין אַ ווײַלע אַרום איז דער הימל געוואָרן פאַרשפּרייט מיט שוואַרצע וואָלקנס. עס האָט גענומען דונערן און בליצן . . . און אַ שטורמישער רעגן האָט פאַרפלייצט די שטאָט מיט וואַסער . . .

דער שטורעם האָט איבערגעריסן די בריק פון איבערן טייך „ביסטריצע" און מר. פּאַפּעסקו איז געוואָרן זייער פאַרצווייפלט, ווייל עס וועט אים זיין אוממעגלעך אַריבערשווימען דעם טייך, וועלכער האָט זיך אָן רחמנות פאַרשפּרייט, און זיך געטראַכט: באַלד, באַלד דאַרף מען שטעלן די חופה ביי דער כלה אין הויז, וועלכע וואוינט איבערן בריק!

ער איז געפאַלן אויף אַ פּלאַן און האָט געשיקט פאָלגנדע טעלעגראַמע: דער שטורם האָט איבערגעריסן די בריק — אוממעגלעך אַריבערצושווימען דעם טייך! למען השם, שטעלט ניט די חופה אָן מיר!...

שבת נאָכן קוגל

# אַ צוואה

אַ מאַן איז געלעגן אויפן קראַנקן בעט און געראַנגלט זיך מיטן טויט.

— דו ווייסט, מיין טייערע, — זאָגט ער צו זיין פרוי, — איך גיי פון דער וועלט.

— דו ביסט נאָך יונג, רייצנד און שיין. עס טוט מיר לייד זיך צו שיידן פון דיר און דיך איבערלאָזן אַן אלמנה. שווער מיר, אַז דו וועסט ניט חתונה האָבן מיט אַ יונגן מאַן, ווייל דאָס וועט מיך ניט לאָזן רוען אין מיין קבר. וועסטו אָבער דאָך וועלן חתונה האָבן, זאָלסטו הייראַטן מיט אַן עלטערן מאַן פון אַ 60 יאָר.

— אוממעגלעך, — ענטפערט די פרוי, — דאָס קען איך דיר ניט צוזאָגן, אָבער דיר צוליב וועל איך הייראַטן צוויי יונגע לייט צו 30 יאָר אַלט . . .

ביי דיזע ווערטער האָט דער קראַנקער פאַרמאַכט די אויגן אויף אייביק . . .



# אָנקל דזשייקס נאָז

— „הער צו, סעמי", — האָט די מוטער געזאָגט — „היינט ביינאַכט קומט צו אונדז פון שיקאַגא דער אָנקל דזשייק. ער האָט אַ קורצע נאָז, זאָלסטו פון אים ניט לאַכן און גאָרנישט דערמאָנען אַ וואָרט וועגן זיין נאָז, אַניט וועל איך דיך שלאָגן".

— „אָלרייט, מאַמאַ", — האָט סעמי געזאָגט — „אָבער גיב מיר פינף סענט אויף אייז־קרים".

סעמי האָט באַקומען די פינף סענט אויף אייז־קרים, און אין אָוונט איז דער אָנקל געקומען. צו סאַפּער האָט סעמי פון אים די אויגן ניט אַראָפּגענומען.

ביים טיש זיינען אויך געזעסן אַנדערע געסט.

פּלוצלונג האָט סעמי געזאָגט צו זיין מוטער:

— „מאַמאַ, פּאַרוואָס האָסטו מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל גאָרנישט ריידן וועגן אָנקל דזשייקס נאָז? דער אָנקל דזשייק האָט דאָך גאָר קיין נאָז ניט!"



# אין איילעניש

לעצטן זונטיק בין איך געפאָרן אין אַ שטעטל נעבן באַלטימאָר, באַזוכן מיינעם אַ לאַנדסמאַן פון רומעניע. האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר און אַ שטימע האָט מיר געענטפערט: — „קאָם אין" — און איך עפן די טיר און מיין פריינט האַלט זיך אין „שייוון".

פאַר גרויס באַגייסטערונג, וואָס ער האָט מיך אַזאַ לאַנגע צייט ניט געזען, האָט ער זיך מיטן ראַזיר מעסער די נאָז אָפּגעשניטן. דער רייזאַר איז אַרונטערגעפאַלן און אים אַ פינגער פון רעכטן פוס אָפּגעשניטן . . . אין איילעניש איז ער געלאָפן צו אַ דאָקטאָר, וועלכער איז גראַד געווען אַ קורצזיכטיקער.

דער דאָקטאָר האָט צוגעקלעפּט די נאָז אויפן פּלאַץ פון פינגער און דעם פינגער אין פּלאַץ פון דער נאָז: — איצט האָט מיין לאַנדסמאַן אַ דזשאַב: — יעדעס מאָל וואָס ער דאַרף זיך אָפּווישן די נאָז, מוז ער זיך אויסטאָן דעם שוך! . . .



# „אַזאַ פייקער!" . . .

גיי איך פאַרביי אַ גאַס און באַמערק אַ רעדל מענטשן, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן.

אַ מאַן איז געשטאַנען אין מיטן און זיך געהאַלטן ביי דער באַק און ארויפגעשריען צו אַ דענטיסט אָפיס:

— אַזאַ פייקער, אַזאַ שאַרלאַטאַן! איך וועל זיך מיט דיר אָפּרעכענען! — און האָט געסטראַשעט מיט די פויסטן.

— וואָס איז דאָ? וואָס קאָכט איר זיך אַזוי, מיסטער? — פרעג איך דעם אויפגערעגטן מאַן.

— דער דענטיסט האָט מיר געזאָגט, עס וועט מיר ניט ווי טאָן און צום סוף האָט ער מיך גאָר אָפּגענאַרט.

— איך אָפּגענאַרט?

— יאָ, אָפּגענאַרט, אַ ווייטיק אים! — קאָכט זיך דער מאַן און האַלט זיך ביי דער באַק.

— וואָס האָט ער אייך דען געטאָן?

— איך בין צו אים אַרויפגעקומען און זיך געהייסן אַרויסציען אַ צאָן . . . האָב איך אים צוערשט געפרעגט, וועט מיר ניט ווי טאָן? זאָגט דער דענטיסט „ניין" און פאַרזיכערט מיך, איך זאָל צו אים צוטרויען האָבן. דער דענטיסט האָט תיכף גענומען אַן אינסטרומענט, אַזאַ מין צווענגל, און גענומען רייסן דעם צאָן.

— נו, — פרעג איך — האָט איר געשוויגן? — און זיך קוים איינגעהאַלטן ניט צו לאַכן. . .

— געשוויגן, פרעגט איר? האָב אַזוי געליאַרעמט, האָב אַזוי געוואַלדעוועט; איך האָב אים נאָך גוט אָנגעשאָלטן אין טאַטנס טאַטן אַריין!

— אַזאַ פייקער . . . אַזאַ פייקער!. . .



# דער פרינץ

ער איז נאָך געווען יונג און זיין לעבן איז אים מיאוס געוואָרן אַרומגייענדיק פּוסט און פּאַס פון איין אונטערהאַלטונג צו דער צווייטער, פון איין גיים צו דער אַנדערער.

ער איז זיך געמיטלעך געזעסן אין זיין זאַל און זיך געטראַכט: אָ! ווי גוט וואָלט געווען ווען איך זאָל וויסן מיין צוקונפט וואָלט איך דאָס און דאָס געטאָן!. . .

אויף אַ טישל ערגעץ אין ווינקל פון פּאַלאַץ האָט ער דערזען אַ

גאָלדענעם קנויל מיט צווירן וואָס אַן אַלטע כישוף מאַכערן האָט אַ מאָל אַ מתנה געגעבן זיין פאָטער דעם אַלטן פרינץ פון רומעניען...

דער יונגער פרינץ האָט גענומען ציען דעם פאָדעם פון דעם קנויל כאָטש די אַלטע כישוף־מאַכערן האָט אים געוואָרנט דאָס ניט צו טאָן; אָבער ער איז געוואָרן נייגעריג און געוואלט וויסן זיין שיקזאַל אין לעבן און אַזוי ציהענדיק האָט ער דערזען פאר זיין פאַנטאַזיע בילדער, שרעקליכע בילדער, אָט איז ער געווען יונג! אָט איז ער געוואָרן אַלט און ווי ער איז ווען ער וואלט געוואָרן קעניג, געפירט מלחמות, דורכ־געפאַלן! אַרונטערגעזעצט געוואָרן פון זיין טראָן... ער האָט אָנגעפאַנגען וויינען און יאָמערן און די כישוף־מאכערין איז ערשינען און אים געזאָגט: — זעסטו שוין מיין קינד איך האָב דיר געוואָרענט דעם פאָדים ניט ציען, אָבער דו האָסט ניט געפאָלגט ווייל דו ביזט געווען נייגעריג.

און דער יונגער פריץ איז געוואָרן פארצווייפלט וויסענדיק זיין ביטערן שיקזאַל וואָס אים דערוואַרטעט, ער איז אַריין אין אַן אנדער צימער וואו עס האָבן זיך געפונען געווער און ניט פיל טראַכטנדיק איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד . . .



# דער נאַכטוואַנדלער

ביי אונדז אין שטעטל איז איינמאָל אַרויס אַ קלאַנג, אַז אַ נאַכט־וואַנדלער געפינט זיך אין אַ שפּיטאָל אַרויס פון שטאָט.

הונדערטער מענטשן זיינען אין אַ זונטיק ביינאַכט אַרויסגעפאָרן באַוואונדערן דעם נאַכטוואַנדלער, אָדער, בעסער געזאָגט, אים באַ־דויערן.

איך בין אויך דעמאָלט געווען צווישן דער מאַסע מענטשן, וועלכע האָבן מיט אומגעדולד געוואָרט די דערשיינונג 12 אַזייגער ביינאַכט פון דעם אומגליקלעכן נאַטוואַנדלער. עס איז געוואָרן 12 אַזייגער און — דער נאַכטוואַנדלער איז ניט דערשינען. מיט אַמאָל עפנט זיך

אַ פענצטער און אַ מאַן אין ווייסן דראַפּעט זיך אַרונטער און גייט צו צום צאַפּן און לאָזט פליסן דורך אַ לאַנגער פּאַיפּ וואַסער. די מאַ־סע האָט אָנגעפּאַנגען לויפן אין אַלע זייטן פאַר שרעק . . .

וואַס איז געשען?

אין יענעם ביינאַכט האָט מען דעם נאַכטוואַנדלער צוגעבונדן צום בעט און דער סופּעראינטענדענט האָט אַ באַפעל געגעבן אַ דינער צו באַשפּריצן די נייגעריקע מענטשן, וועלכע האָבן געמאַכט אַזאַ גרויסן טומל...



# די ווערט פון אַ ניקל

אַ מיידעלע איז מיט 5 סענט אַריינגעקומען אין אַן אייז־קרים סטאָר, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול נעבן דעם פאָונטיין, און זיך געהייסן געבן פאַר 5 סענט איין „אייז קרים סאָדע".

דער אייגנטימער האָט איר געזאָגט, אַז עס קאָסט 10 סענט און זי מוז נאָך צוצאָלן 5 סענט.

— איך האָב ניט מער ווי אַ ניקל — האָט דאָס מיידעלע געזאָגט.

— דאַן קען איך דיר ניט געבן דעם „אייז קרים סאָדע" — האָט דער מאַן איר געענטפערט. —

— דאַן ווייסט איר וואָס? גיט מיר אַ „טשערי סמעש".

— דאָס קאָסט 6 סענט!

— דאַן גיט מיר אַ „לעמאָן סאָדע"!

— דאָס קאָסט 8 סענט! — האָט ווידער דער מאַן איר געענטפערט.

דאָס מיידעלע האָט זיך אויפגעהויבן, איבערלאָזנדיק דעם ניקל אויפן קאונטער.

— נעם זיך דיר צוריק דעם ניקל — האָט דער מאַן איר נאָכ־געשריען.

— „וואָטס די יוז?" מען קען דאָך פאַר אים גאָר ניט קריגן . . . — האָט דאָס מיידעלע דיסאַפּאָינטעט געענטפערט.

מאָריס קליין

# אין פּאַריז

(אַ פאַקט)

אַן אַמעריקאַנער יידל איז אָנגעקומען קיין פּאַריז, וואו ער האָט ניט געהאַט קיינע באַקאַנטע. די שפּראַך האָט ער אויך ניט געקענט, איז אים שווער געווען צו טרעפן אַ יידן, וואָס זאָל אים אָנצייגן אויפן יידישן קוואַרטאַל. איז ער געפאַלן אויף אַ פּלאַן: ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן גאַס און גענומען זאָגן קדיש.

ס'האָט ניט געדויערט קיין צוויי מינוט, און אַן עולם האָט זיך אַרום אים פאַרזאַמלט.

— וואָס טוט איר, הער? איר זאָגט קדיש אין מיטן גאַס? מען וועט אייך אַרעסטירן!

דאָס יידל איז געוואָרן גאַנץ פריילעך און געגעבן „שלום" דעם מאַן און געזאָגט:

— נישט קדיש האָב איך געמיינט צו זאָגן, נאָר איך וויל וויסן, וואו מען קען קריגן אַ יידישע אַכסניה...



# „אין אַ סטריט קאַר"

פאָר איך אויף אַ באַלטימאָרער סטריט קאַר און דערלאַנג דעם קאָנדוקטאָר אַ ניקל קאַרפעיר, זאָגט ער צו מיר: — העי, מיסטער, 10 סענט קאָסט איצט קאַר־פעיר. זאָג איך: דאָץ טו מאַטש! זאָגט ער: וואָס פאַר אַ טענה האָט איר צו מיר?

עס איך אָפּ סאַפּער אין אַ רעסטאָראַן. פאַקט מיך אָן „קרעמפּס". זאָג איך צום ווייטער: איך בין אויף צרות! זאָגט ער: וואָס־זשע פאַר אַ טענה האָט איר צו מיר?

הער איך קלאַפּן אין טיר. איך עפן. „ווער איז דאָרט, אַ מענטש?" — פרעגט מיין ווייבעלע. זאָג איך: „ניין, ס'איז דער לענדלאָרד". „פון היינט און ווייטער וועט אייך קאָסטן די רומס מער מיט 4 דאָלאַר אויפן מאָנאַט!" — סטייטש! — רוף איך אויס — וואו איז יושר? ענטפערט ער: אומזיסטע טענות!

# אַ בלאָנדע מיידל

גייט אין גאַס אַ בלאָנדע מיידל;
לאָקן שייניקע ווי זייד.
איך באַטראַכט דאָס שיינע מיידל
און איך ווער אַנטציקט פון פרייד . . .

און איר נעזל איז פאַרריסן,
קוקט אין לופטן, שמייכלט זיס;
„ניילאָן" זאָקן בלישטשען שטיפעריש
אויף אירע אָפּגעטאָקטע פיס . . .

אוי אַמעריקע — טראַכט איך זיך —
וואָס דו מאַכסט פון מיידלעך גרינע;
ערשט געקומען, און עס רוט אויף
איר שוין די אַמעריקאַנער „שכינה"! . . .

# צו אַ פּאָעט

ס'איז ניט לייכט צו שרייבן לידער,
ווען דו האָסט ניט קיין טאַלאַנט;
ווייל די לידער, וואָס דו לידלסט,
זיינען אַלעמען באַקאַנט . . .

גוט איז דעם, וואָס קען נאָר שרייבן
קלוגע לידער צום פאַרשטיין;
גוט איז דעם, וואָס קען נאָר דענקען
גוטע גראַמען פול מיט חן.

גוט איז דעם, וואָס קען נאָר לייענען
טרייע הערצער פול מיט גראַמען;
גוט איז דעם, וואָס קען נאָר טרייסטן
יענעמס שמערצן אויך מיט גראַמען . . .

צייג מיר, דיכטער, זאָג מיר, מוזע,
דיינע ליידן און פאַרשטאַנד . . .
און צו רייכן דיר, מיין דיכטער,
וועל איך דיר מיין טרייע האַנט . . .

# ע ל נ ט

צווישן דריטע סטריט
אויף אַ ווייסן „סטופּ״,
זיצט אַ פרוי אַ קראַנקע,
עלנט, שוואַך און קלאָגט.

און זי טראַכט: — ווי גערן
און באַקוקט מיט פרייד,
וואָלט איך איצט געטראָגן
אַ „דרעסקעלע״ פון זייד . . .

און מיט שוואַרצע לאָקן
וואָלט איך זיך צעקאַמט;
און אויף בעלער טאַנצן,
שפּרינגען מיט געזאַנג...

אין די יונגע צייטן
האָב איך נאָר געגלוסט
פאַרפיומירטע בלומען
טראָגן אויף מיין ברוסט . . .

אָבער שוין פאַרשוואונדן —
עס טוט מיר ווירקלעך באַנג —
זינגט דאָס ווייבל אונטער
אַ טרויעריקן געזאַנג . . .

# מיטלייד

עס שטייט אין גאַס אַן אַלטער,
אַ ייד מיט ווייסע האָר;
זיין פּלייצע איינגעבויגן,
שוין אַלט אַ זעכציק יאָר.

ער האָט אַזוי פיל יאָרן
געלעבט אין גרויסער נויט;
שוין דאָך ניט מער קיין יונגער,
שוין אַלט — כמעט שוין טויט.

ווי שווער עס איז דאָס לעבן,
ווי שווער עס איז די וועלט;
דאָס לעבן אָן פאַרמעגן,
אָן ברויט, אָן שיך, אָן געלט . . .

ער שטרעקט זיין האַנט די דאַרע
צו מענטשן פילע זאַטע;
און ווייניק האָבן רחמנות
אויפן אַלטן בלינדן טאַטע . . .

# געקליבענע וויצן

זיצט די „אַלרייטניצע״ביים טואַלעט שפּיגל און פּודערט זיך. זי הערט קלאַפּן אין טיר, ענטפערט זי: — „קאַם אין״ אין אַ טיף ענגלישער שפּראַך.

עס עפנט זיך די טיר און די קעכין דערשיינט.

— מיסעס לעבן, וואָס, אַ שטייגער, זאָל איך היינט קאָכן פאַר „דינער״?

ענטפערט די מיסעס נערוועז: — אַ גוטע קרענק.

— אַלרייט, פאַר אייך! אָבער וואָס זאָל איך קאָכן פאַר מיר און די אַנדערע דינסטן? . . .

---

אייק — איך דענק דיזער מאַן, וואָס איז אָקאָרשט פאַרביי־געגאַנגען, האָט פאַרלוירן אַ דאָלער!...

מייק: — פון וואַנען ווייסטו דאָס?

אייק: — ווייל איך האָב אים געפונען!...

---

שווער: — מיט אייערע ווײדזשעס, גלויב איך, ווערט אייך אומ־מעגלעך זיין צו סופּאָרטן מיין טאָכטער!...

איידעם: — ניט געזאָרגט! אָט גיי איך שוין אַרום מיט איר דריי מאָנאַטן און בין נאָך ניט געבראָכן!...

---

פּאָטער (צו זיין זון): — וואָס? ערשט צוויי וואָכן צייט האָסטו זיך באַקאַנט מיט דעם מיידל און גייסט שוין מיט איר חתונה האָבן? קענסטו איר כאַראַקטער?

זון: — צ׳אַלרייט, פּאַפּאַ! איך וועל איר כאַראַקטער נאָך דער חתונה קענען אויסגעפינען...

---

דאָקטאָר: — איך דענק, אייער מאַן איז געפערלעך קראַנק! א סך לעבן וועט ער ניט!...

קראַנקער: — ס'איז ניט אמת, דאָקטאָר! איך וועל ניט שטאַרבן...

קראַנקנס פרוי: — שאַראַפּ! דער דאָקטאָר ווייסט בעסער פון דיר!...

---

פרוי: — הער דאָקטאָר, ווי לאַנג וועט עס נאָך נעמען מיין מאַן זאָל ווידער געזונט ווערן?

דאָקטאָר: איך דענק, ביז... אַרום 15 אָדער 20 דאָלער!...

---

מרס. פּאָפּעסקו (צו איר דינסט): — מאַריצא! זע, דאָס עסן זאָל זיין וואַרעם, ווען דו גרייטסט עס צום טיש!...

דינסט: — עס איז שוין גענוג הייס!...

מרס. פּאָפּעסקו: — האָסטו דען פּאַרזוכט פון סופּ?

דינסט: — ניין, מאַדאַם! איך האָב בלויז אַריינגעטאָן אַ פינגער...

---

אייק: — האָסט באַמערקט, מייק, דיזער יונגערמאַן מאַכט צו־פיל חנדלעך דיין פרוי!...

מייק: — מיך אַרט נישט! מיין ווייב ווייסט ניט וואָס ליבע הייסט! אַט בין איך צו איר פאַרהייראַט שוין איבער צען יאָר און זי האָט מיר קיינמאָל קיין ליבע נישט געוויזן!

---

מרס. פּאָפּעסקו: — איך בין זייער פאַרצווייפלט, הער דאָקטאָר, איבער מיין מאַן: ער איז זייער קורצזיכטיק!...

דאָקטאָר: — זייט צופרידן, מאַדאַם! ווען אייער מאַן זאָל אייך בעסער זען, וואָלט פאַר אייך ערגער געווען.

---

באַרדער: (צום פאַרמער) — איר האָט דאָך אַדווערטייזט: באָר־דינג און פישינג, וואו איז אייער טייך?

פאַרמער: — ווער זאָל געוועזן וויסן, אַז ס'וועט ניט רעגענען?...

---

אייק: — זאָג מיר, מייק, וואָס הייסט אַ „קאַוואַליער״?

מייק: — איינער, וואָס נעמט אַרויס אַ מיידל אין טעאַטער, טריט איר מיט אַ באָקס קענדי, קויפט איר אַ דיימאָנד רינג, דער־קלערט זיך איר אין ליבע, פירט איר אָפּ אַהיים אין אַ טעקסי, קושט איר די האַנט בײַם טיר און זאָגט: „גוט נאַיט!״

אייק: — דאָס הייסט בײַ דיר אַ קאַוואַליער?

מייק: — אַוודאי!

אייק: — דאָס הייסט בײַ מיר אַ גרויסער נאַר!

---

איז דאָס אמת, אַז דער מענטש שטאַמט פון אַ מאַלפּע? — האָט דער קליינער סעמי זיין מאַמען געפרעגט.

— איך קען דיר דאָס ניט גענוי זאָגן, מיין קינד, ווייל איך האָב נאָך ביז איצט דיין פּאַפּאַס משפחה ניט געזען...

---

אייק: — זאָג מיר, מייק, מיט וואָס איז געגליכן אַ מסדר קדושין צו אַ דזשאַדזש?

מייק: — ביידע פאַראורטיילן מיט געפענגעניש אויף לעבנסלאַנג!

---

אייק: — זאָג מיר, מייק, אַז אַ מאַן גייט חתונה האָבן, לעבט ער לענגער?

מייק: — ניין! ווייל זיין פרוי קירצט אים די יאָרן!...

---

וויצן שרייבער: — הער רעדאַקטאָר, איך פאַרלאַנג אַ שטעלע אין אייער רעדאַקציע!...

רעדאַקטאָר: — יעס, איך וואָלט אייך גערן געגעבן אַ שטעלע! זאָגט מיר נאָר, שרייבט איר עטוואָס וויכטיקעס?

וויצן שרייבער: — ניין, איך שרייב ניט וויכטיקעס! איך שרייב וויצן . . .

---

פאַרמער (צו זיין נייעם דינער): סעי, ווארום מאַכסטו ניט צו די טיר, ווען דו קומסט אַריין אין הויז? ביסטו דען אויפגעוואַקסן אויף אַ פאַרם?

דינער: — יעס, יעדעס מאָל, וואָס איך זע אייך, דערמאָן איך זיך אין אַ בהמה און אין אַ פערד!...

---

פאַרבייגייער: — סעי, ליטל באַי, זאָג מיר וועמעס באַי ביסטו?

דזשעקי: — איך ווייס ניט, ביקאָז מיין פּאַפּאַ האַלט זיך אין גטן מיט מיין מאַמען און דער דזשאַדזש וועט אַנטשיידן, וועמענס איך זאָל בלייבן...

---

גאַסט: — סעי, וועיטער, איך האָב ביי אייך פאַרלאַנגט אַ טעלער סופּ און צום סוף האָט איר מיר געגעבן אַ פייכטן טעלער!...

וועיטער: — זייט ניט קיין יאָלד! קוקט זיך גוט איין, וועט איר זען, אַז ס'איז יאָ דאָ סופּ אין טעלער!...

---

אייק — וואָס וואָלסטו געטאָן, מייק, ווען איך זאָל דיר איצט באָרגן 20 דאָלער?

מייק — איך וואָלט געשטאָרבן פאַר שמחה!...

אייק — דאַן וויל איך בעסער ראַטעווען דיין לעבן און איך באָרג דיר בלויז 20 סענט...

---

מאַמע: — ווארום גייסטו ניט אין סקול? וועסט דאָך גאָר ניט קענען, גאָר ניט וויסן?

סעמי: — וואָס דענקסטו, איך בין אַזוי נייגעריק ווי דו, איך זאָל אַלץ וועלן וויסן?

---

שוויגער: — זע, זאָלסט מיך אויפוועקן אין צייט! איך זאָל ניט פאַרלירן דעם טריין אָוועקצופאָרן!...

איידעם: — ניט געזאָרגט! איך וועל אָנשטעלן דריי „אַלאַרם קלאָקס" אייך אויפצואוועקן אין צייט!...

---

זי: — איך האָב געחלומט, האָסט מיר געקויפט זייער אַ טייערע סילקענע דרעס!

ער: — זיי אַזוי גוט און חלום, וואו איך זאָל קענען קריגן געלט צו קענען קויפן דיר די סילקענע דרעס!...

---

מיידל: — וואָס איר קענט מיך בלויז אַ האַלבע שעה און איר דערקלערט זיך מיר אין ליבע?

יונגערמאַן: — ניט אמת, פריילין! איך קען אייך שוין היפשע צוויי יאָר, זייט אייער פאָטער האָט דעפּאָזיטעט אייער גדן אין דער באַנק, וואו איך בין אַ בוקקיפּער!...

---

מר. פּאָפּעסקו: — הער דאָקטאָר, וואָס טוט מען? איך לייד אויף רומאַטעס און קען ניט אַרומגיין...

דאָקטאָר שמערץ: — ווארום קויפט איר זיך ניט אַן אָטאָמאָביל?

---

באַרבער: — איר ווילט דאָך אַ העיר־קאוט, טאָ פאַרוואָס טוט איר ניט אויס אייער העט און קאוט?

קאָסטאָמער: — איך וויל ניט נעמען אַ טשענס זיך ווידער צוקילן: ערשט געסטערן האָב איך געקעטשט אַ קאָלד!...

---

ברוך: — יעס! איך דענק, דיזער לעקטשורער רעדט זייער ווייך און ער וועט קריגן פיל אַפּלאָדיסמענטן.

זרח: — איך דענק אַז ניט, ווייל ער האָט כמעט יעדן איינגעשלעפערט.

---

קאָלעקטאָר: — שעמט אייך! איך קום שוין דאָ קאָלעקטן דאָס צוועלפטע מאָל און איר ווילט ניט באַצאָלן!

מר. טשיפּ: — זייט ניט „סופּערסטיטשוס", איר מעגט נאָך קומען דאָס דרייצנטע מאָל אויך!...

# וויצן לכבוד פורים

ערשטער — ווי אַזוי איז דאָס געקומען, וואָס דו האָסט זיך צעקריגט מיט דיין ווייבל?...

צווייטער — איבער אַ המן־טאַש...

ערשטער — אַ המן־טאַש זאָל פירן צו אַ קריג, דאָס איז אַ וואונדער!

צווייטער — ווארום איז דאָס אַ וואונדער? איך האָב געהייסן מיין ווייב, זי זאָל מיר געבן אַ המן־טאַש, האָט זי אָנשטאָט דעם מיר געהייסן איינלאַדן איר מאַמען (מיין שוויגער) צו דער סעודה.

---

ריכטער — ווארום האָט איר ניט תיכף געמאָלדן דער פּאָליציי, אַז איר האָט געפונען 5 דאָלאַר אין גאַס?

אָנגעקלאָגטער — איך האָב געוואַרט ביז איבער פורים: איך בין איצט אַרבעטלאָז און האָב ניט געהאַט מיט וואָס צו קויפן המן־טאַשן.

ריכטער — איר זייט באַפרייט!

---

דאָקטאָר — ניין, איר זייט איצט קראַנק, איר זאָלט ניט עסן צופיל... איר זאָלט איבערהויפּט אויסמיידן צו עסן המן־טאַשן...

קראַנקער — איך וועל דאָך שטאַרבן פון הונגער!...

דאָקטאָר — דאָס מאַכט ניט!...

---

אַ פרוי האָט אַמאָל געזאָגט צו איר מאַן: ווען איך וואָלט געווען אַ זייגערל, וואָלסטו אויף מיר אויך געקוקט גאַנצע טעג...

זייגערמאַכער — ווען דו וואָלסט געווען אַ פורים קוילעטש, וואָלט איך דיך אויפגעגעסן מיט די ראָזשינקעס מיט אַלעמען...

---

אַ פרוי האָט אַמאָל געפרעגט איר מאַן: — זאָג מיר, בעני, וואָס פאַר אַ סימן האָסטו, אַז די המן־טאַשן זיינען היינטיקס יאָר געראָטן?

מאַן (האַלטנדיק זיך ביים בויך) — אין מיין בויך־ווייטאָג!...

---

סעמי — מאַמע, גיב מיר נאָך איין המן־טאַשל!

מוטער — גענוג, האָסט שוין היינט אויפגעגעסן פיר... ווייסט וואָס מען האָט, אַז מען עסט צופיל המן־טאַשן?

סעמי — וואָס מאַמע?...

מוטער — מען באַקומט אַ סך קנייטשן אויפן פּנים!... (זי האָט דאָס אומיסטנע געזאָגט, כדי אים אָפּצושרעקן).

סעמי — אַהאַ! — דערפאַר האָסטו מסתמא אַזוי פיל קנייטשן אויפן פּנים.

# אַ ביסל פורימדיקע אַסטראָנאָמיע

דער איינציקער ייד, וואָס וועט דאָס יאָר ניט קענען זיך מחיה זיין מיט דער ווייבס פורימדיקע המן־טאַשן, איז אונדזער פעטער נח פון „שטערן מאַרס״, וואָס איז דערווייטערט פון זיין ווייב דאָבע יאַכצע. — לויט ווי מיר האָבן אויסגעפאָרשט ביי אונדז אין פּאָסט־אָפיס, האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז דערווייל זיינען קיינע פאַר־בינדונגען פאַראַן צום שטערן מאַרס און קיין פּעקעדזשעס מיט פורים שלח מנות קענען אין יענער ריכטונג נישט אַקצעפּטירט ווערן!

# קליינע אַנעקדאָטן

אין אַ צייטונג איז געווען אַדווערטייזט צווישן „פאַרלאָרן און געפונען״ פאָלגנדע אַנאָנסע:

„פאַרלוירן אַ פּרוי צווישן מאַרקעט און באַלטימאָר סטריט. ווער עס וועט איר געפינען, איז געבעטן איר אָפּברענגען אויף דעם און דעם אַדרעס. איך גיב 5 דאָלער באַלוינונג צו דעם יעניקן, וואָס וועט זיך מטריח זיין און איר אָפּברענגען.״

דעם צווייטן טאָג האָט אים אַ פריינד אַ פרעג געטאָן: סטייטש, וואָרום גיסטו בלויז פינף דאָלער באַלוינונג? קיינער וועט זיך דאָך ניט די מי געבן איר צו געפינען און זי אָפּברענגען...

— טאָקע דערפאַר, מיין פריינד! — האָט ער איבּ אָפּגעענטפערט.

פרוי (צום מאַן): — וואָס איז מיט דיר געשען?

מאַן (אַ שיכור ביים טרעיד): — מיינע אויגן האָבן מיך אָנגע־פאַנגען באַדערן! בין איך געגאַנגען צו אַ דאָקטאָר און דער דאָקטאָר האָט מיר געהייסן טרייען „גלעזער“, בין איך אַריין אין אַ סאַלון און געטרייעט זעקס גלעזער (מיט ביר). נו, ווען איך בין פון דאָרטן אַרויס, האָב איך געזען טאָפּלט...

---

גאַסט: — איך האָבווירקלעך פאַרגעניגן געהאַט צו פאַרברענגען ביי אייך היינט אָוונט!...

בעל הבית: — עס טוט מיר אָבער זייער לייד, וואָס אונדזערע בעסטע געסט האָבן געפעלט!...

---

טאָכטער: — נו פאָפּאַ, וואָס פאַר איין איינדרוק האָט אויף דיר געמאַכט מיין חתן יעקל?

פאָטער: — ליידער, קען איך דיר ניט זאָגן, ווייל אימער זיצסטו מיט אים אין דער טונקל...

---

אַקטיאָר (אַ באָרדער): — איר ווייסט, מיסעס, היינט אָוונט שפּיל איך די ראָלע פון אַ מיליאָנער, וועלכער קומט פון דער סאַוט נאָכדעם ווי ער האָט פאַרבראַכט אַ גאַנצן ווינטער אין אַ „פלעזשור רעסאָרט“...

מיסעס: — אָלראַיט! אויב איר זייט ווירקלעך אַזוי רייך, טאָ באַצאָלט מיר בעסער וואָס עס קומט מיר שוין פאַר 2 מאָנאַט לאָזשי!...

---

מר. פּאָפּעסקו: — מיין הער! איך פאַרלאַנג די האַנט פון אייער ליבער טאָכטער! איך האָב זיך אין איר פאַרליבט, זעענדיק זי נעכטן מיט אייך שפּאַצירן גיין . . .

פאָטער: — ליידער זייט איר צו שפּעט! איר האַנט איז שוין אַוועקגעגעבן.

מר. פּאָפּעסקו: — דאַן גיט מיר איר צווייטע האַנט!...



אין פּאַריז אין יאָר 1912

# מיין ביאָגראַפיע

מאָריס קליין, אָדער ווי מיין אידישער נאָמען משה יהודא בן אלחנן חיים דער אויטאָר פון דיזן הומאָריסטישן בוך „שבת נאָכן קוגל“ איז געבוירן געוואָרן דעם 22טן אַפּריל, 1890 אין באַקאַו, אַ קליין שטעטל אין רומעניען ניט ווייט פון בוקאָווינאַ ביי דער עסטרייכער גרעניץ. — מיין אידישע בילדונג האָב איך געקראָגן ביי אַ גמרא

מלמד ר׳ מיכל טעקוטשער, ער איז געווען אַ שטרענגער איד מיט אַ פּאַטריאַרכאַלער ווייסע באָרד — זיין אבזיכט איז געווען דאָס זיינע תלמידים זאָלען פלייסיג לערנען די אידישע תורה.

ווען איך בין אַלט געוואָרן 12 יאָר האָבן מיינע עלטערן באַ־שלאָסן מיר שיקן אין דער שטאָדט קראַיאָוואַ רומעניען ניט וויט פון דער סערבישער און אונגאַרישער גרעניץ. — און שוין אָנגעפּאַנגען ביי דיזע קינדער יאָרן פּיהלען דעם טעם פון אַ בעל הבית. — זיך לערנען גאָלדשמידעריי ביי מיין אָנקעל דוד יוסף וועלכער איז אויך געווען אַ חזן. —

דאָרט בין איך בר מצוה געוואָרן — מיין אָנקעל האָט מיך אויך געלערנט פאַרשידענע אַנדערע שפּראַכן — אָבער מיין קאָפּ איז ניט גע־ווען פאַרטיפט אין שטודירן ווייל איך האָב שטענדיק געטרוימט אויסצו־וואַנדערן פון מיין „פאַטערלאַנד״ רומעניען! —

ווען ס׳איז געקומען די צייט פון שטעהן צום פּריזיוו בין איך געוואָרן אַ דערציטערטער — זיין אַ סאָלדאַט — טראָגן אַ מונדיר, דיע־נען דעם „פאַטערלאַנד״ צו דעם האָב איך קיין חשק געהאַט, — דער איד אין רומעניען ווערט דאָך ניט אנערקענט אַלס בירגער מיט גליי־כע מענשליכע רעכטע — עמלק לאַנד רומעניען, דאָס וויגעלע פון אַנטיסעמיטיזם וואו דער איד ווערט אַזוי פאַרהאַסט. נאָך איצט קלינגט מיר אין די אויערען די זידלערשע ווערטער פון די שקצים „לאַ פּאַלעסטינאַ זשידאַנע!״ (קיין פּאַלעסטינא איד). אויסגענוצט די געלעגענהייט האָב איך מיט דעם וואָס איך האָב אָנגעגעבן מיינע עלטערן אַ תירוץ, אַז איך וויל ניט ווערן אַ סאָלדאַט, האָב איך באַשלאָסן אָבצורייזן קיין וויען, פון דאָרט אין דער שווייץ און פון דער שווייץ נאָך איטאַליען — דאַן בין איך אַוועק קיין פּאַריז, אָבער דאָרט אויך ניט לאַנג פאַרבליבן, — פראַנקרייך איז טאַקע אַ פּרייע רעפּובליק, וועלכע האָט מיר אויפגענומען מיט ליבע און צערטלעכקייט און גאַסטפריינטשאַפט — אָבער לייענענדיק אַזוי פיל ביכער פון די גרוי־סע אַמעריקאַנער וועלכע האָבן געקעמפט פאַר פרייהייט, האָב איך באַשלאָסן ווידער וואַנדערן און בין אָנגעקומען אין די פאַראייניגטע שטאַטן אין דעצעמבער 1912. —

אָנקומענדיק אין ניו־יאָרקער האַפן און דערזעענדיק די „סטאַטוע פון פרייהייט" האָט מיין האַרץ געגומען צאַפּלען פאַר פרייד — איך בין געווען איבערגליקלעך — ענדליך האָב איך ערגרייכט מיין ציעל — אַך! פרייהייט! איך בין אין אַמעריקא! דאַמאָלס איז וואַרשיינליך געווען דער גרעסטער מאָמענט אין מיין יונג לעבן — אַ נייַ קאַפּיטל אין מיין וואנדערנדיגע יוגנט. —

די ריזיקע שטאָדט ניו יאָרק האָט מיך באַצויבערט — דאָרט האָב איך געפילט די אמתע אַטמאָספערע פון אַמעריקאַנער פרייהייט — איך בין געוואָרן אַן אַמעריקאַנער בירגער און זיך געשעצט גליקליך — איבערהויפּט דער חשק פאַר אידישער ליטעראַטור איז ביי מיר געוואָרן זעהר גרויס. — האָב אָנגעפאַנגען איינזאַפּען אין זיך די ליטעראַטור פון גאָרדין, עדעלשטאַט, רייזען, לאַטיינער, ראָזענפעלד, שלום־עליכם, שלום אַש — די אַלע גרויסע דיכטער האָבן מיך פאַרכישופט, איך בין געוואָרן ווי אַ שיכור וואָס קען זיך ניט אָנזעטיגן מיט שנאַפּס — אין מיר האָט זיך דערוועקט דער גרויסער חשק צו שרייבן — איך בין געוואָרן אַקטיוו אין ליטעראַרישע קלובן — האָב פון צייט צו צייט געשפּילט טעאַטער — דעקלאַמירט ביי יעדער געלעגענהייט. — ביי יעדער אונטערנעמונג פון ליטעראַרישע אָבענדען! — איך בין מיט דער צייט געוואָרן אַ שרייבער און אָנגעשריבן אַנעקדאָטן, הומאָריסטישע דערציילונגען, סאַטירע אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלען.

דער שיקזאַל האָט מיך אַוועקגענומען פון דער ראַשענדיגער שטאָדט ניו יאָרק אין יאָר 1917 און זיך באַזעצט אין דער שטילער פּראָווינץ שטאָדט באַלטימאָר, וואו איך וואוין עד היום.

